# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



Latayner, Yosef.
Mamon der geldgot, oder, Korah's oytsres : historishe operette in 4 akten.
Krakoya, [1903 or 1904]

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1873.3

**Latayner, Yosef, 1853-1935.**
Mamon der geldgot, oder, Korah's oytsres : historishe operette in 4 akten / fun Yozef Latayner ; muzik fon Friedzel. Krakoya : Ferlag fon A. Foyst, 664 [1903 or 1904]
59 p.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Friedzel. II. Poland-Cracow

ID: NXYH02-B1791 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106059 (c)

Reduction ratio x 10.0.



# מאמאן דער געלד־גאט

אדער

# קורח׳ס אוצרות

היסטארישע אפערעטע אין 4 אקטען

פאן

יאזעף לאטיינער.



פערלאג פאן אהרן פויסט, בוכהאנדלונג, קראקא.







דרוק פאן ש. ל. דייטשער, פארגורזע.

# מַאמָאן דֶער גֶעלְדְגָאט

אָדֶער

## קוֹרַחְ'ס אוֹצְרוֹת

הִיסְטָארִישֶׁע אֶפֶּערֶעטְטֶע אִין 4 אַקְטֶען

פֿאָן

**יָאזֶעף לַאטֵיינֶער.**

מוּזִיק פָאן פְרִיעדְזֶעל.





**פאדגורזע, תרס"ד.**
פֿערלאג פֿאן אהרן פֿויסט בוכהאנדלונג אין קראקויא.
דרוק פֿאן ש. ל. דייטשער.

MAMMON DER GELDGOTT
Historische Operette in 4 Acten.
von **Josef Lateiner.**

Verlag von Aron Faust Buchhandlung in Krakau.
Druck von S. L. Deutscher in Podgórze bei Krakau.

## פֶּערְזָאנֶען:

---

זמרי — שני למלך.

יוֹכֶבֶד — זיינע פרויא.

צִפּוֹרָה — זיינע טאכטער.

מַאמָאן — דער געלדנאָט.

עֲקִיבָא — זמריים פריינד.

גַבְרִיאֵל — יצר טוב.

יוֹנָה } שעפערפאאר.
רָחֵלֶה }

דיא יוגענד.

דַאס אַלְטֶער.

סַאמוּעֶל הויפּטמַאן.

עֶגִיפְּטִישֶער וָואהְרְזָאגֶער.

ענגעל, טייפעל, פאלק, סאלדאטען.



# I. אקט

(וואלדגעגענד לינקס איינע שטיינבאנק, דונקעל מען הערט רעגען שטורם דאנער בליטץ, אויפטריט זמרי).

**זמרי:** (זינגט) וואס קימערט מיך רעגען דאנער בליטץ אויך שטורמווינד
ועהען מוס איך ווידער מיין יוכבד מיין זיסעס הערצענס קינד } ביס
אך וויא גרענצענלאז איזט מיינע זעהנזוכט נאך דיר
מיינע רוהע איזט היען, מיינע לוסט אונד היטערקייט
גערויבט האט מאן דיך גערויבט האט מאן דיך פאן מיר
זא גרויזאם פאן מיר גערויבט זא גרויזאם פאן מיר גערויבט
(פראזע) היער האט זיא מיר בעשטימט איך זאל זיא ערווארטען
היער זאל איך פאן מיינער געליעבטען יוכבד אבשיעד נעהמען
אונד ווער וייסט וואן איך ווערדע זיא ווידער זעהן, דאך זייא פעסט
מיין הערץ עס מוס דאך זיין, (לערם פאן פערנע)

(אויפטריט עקיבא שטירמט העריין)

**עקיבא:** ענדליך בין איך אויסער געפאהר זיא האבען מיינע שפור פער-
לארען אונד איך בין פאר דער האנד גערעטעט.

**זמרי:** עקיבא ???

**עקיבא:** זמרי מיין פריינד דוא ביזט עס?

**זמרי:** וויא שרעקליך דוא אויסזיעהסט, דוא ציטערסט, וואס האט דיר
דען פאסיערט?

**עקיבא:** מאן פערפאלגט מיך, מאן יאגט מיר נאך.

**זמרי:** ווער?

**עקיבא:** עגיפטישע סאלדאטען, עס איזט צווישען מיר אונד איינען
עגיפטישען הויפטמאן איין שטרייט פארגעפאלען, פלעטצליך האט
דער ווילדער הויפטמאן זיין זעבעל געגען מיך געצאגען אבער איך
בין שנעל וויא דער ווינד אבגעשפרונגען האבע איהם זיינעם זעבעל
ענטריסען אונד זיין היידנישעס הערץ דורכבאהרט, נאטירליך בין איך
באלד פערשוואונדען אונד וואר ביז נון פערבארגען בייא איינעם

פריינדע, אבער מאן זוכט מיך איבעראל מאן האט זאגאר איינע בעלאהנונג פערשפראכען דעם יעניגען דער מיך אין זייערע הענד איבערליעפערט, איך וואלטע אבער מיינעם פריינד ניכט מעהר דער געפאהר אויסזעטצען אונד בין פאן איהם פארט, היער אויף דעם פרייען פעלד האט מאן מיך פאן דער פערנע ערבליקט אונד מיר נאכגעיאגט, אבער די פערפלוכטע יאגדהונדע האבען וויעדער מיינע שפור פערלארען.

**זמרי:** אונד וואס דענקסט דוא וויעדער צו טהון?

**עקיבא:** צוריק וויל איך, צוריק נאך מיינער היימאטה נאך ירושלים.

**זמרי:** זא געהען וויר צוזאמען פריינד עקיבא, איך פערלאסע נאך היימע דיעזע פרעמדע שטאדט וואו איך זא אונגליקליך בין, אונד געהע צוריק אין מיין פאטערלאנד, איך ווארטע נור אויף מיינער יוכבד אום פאן איהר אבשיעד צו נעהמען, דאן געהען וויר צוזאמען.

**עקיבא:** פיר מיך איזט אבער יעדע מינוטע צו ווארטען מיט געפאהר פערבונדען מיינע פערפאלגער קעננען מיך היער פינדען.

**זמרי:** דארט אונטער יענען פעלזען פערשטעקט ביזט דוא געשיצט, ווילסט דוא אויף מיר ווארטען?

**עקיבא:** יא זמרי מיין פריינד איך ווארטע אויף דיך, אויפס וויעדערזעהען אויפס וויעדערזעהן מיין ברודער אין דער נאטה....

**זמרי:** קאמע איך צייגע דיר. (ביידע אב

(אויפטריט יוכבד זינגט אונטער דיא קוליסען).

וואו ביזט דוא געליעבטער מיינעם הערצענס
מיינע יאמער טעהנע ערהער
קאם צו מיר געליעבטער מיינעם הערצענס
וויא זעהנע איך מיך נאך דיר זא זעהר
שיידען שיידען מיסען וויר זא שנעל
נאך דעם וויר האבען אונז קורץ פעראיינט
צום לעצטען מאל דיך נאך זעהן
דיך מיינען איינציגען מיין טרייען פריינד מיין טרייען פריינד
וואו ביזט דוא מיין פריינד מיין פריינד



(דועט) וואו ביזט דוא געליעבטער מיינעם הערצענס
מיינע יאמער טעהנע ערהער
קאם צו מיר געליעבטער מיינעם הערצענס
מיינע יאמער טעהנע ערהער
מיין זמרי, מיין יוכבד. (ערשיינען אומארמונג)

**זמרי:** (פראזע) מוטה מיינע געליעבטע יוכבד ניכט פערצווייפלען טרויעריג שיידע איך פאן דיר דעסטא פרעהליכער ווערדען וויר אונז אין קורצען וויעדערזעהן.

**יוכבד:** אך לאס מיך וויינען אן דיינער ברוסט, מיר איזט דאס הערץ זא באנגע איך פירכטע דיך צו פערליערען.

**זמרי:** ווארום זאגסט דוא פערליערען? דוא האסט דיך פאן מיינער טרייע גענוג איבערצייגט, אבער זייט דיין שטרענגער פאטער האט פאן אונזערער ליעבע ערפאהרען האט ער מיך פאן זיינעם הויז, פער-שטאסען ווייל איך בין ארם פאס איך איהם ניכט אלס שוויעגערזאהן. נון וויא זאל איך היער נאך ווייטער פערבלייבען, דארט אין ירושלים אין מיינער געבורטשטאדט קאן איך מיט מיינער וועלטס ערפאהרונג דאך צו עטוואס ברינגען, דאן שרייבע איך זאבארט דוא קאמסט היען דוא קאמסט היען אונד וויר בלייבען פיר אימער פעראייניגט, ניכט וואהר מיינע יוכבד... אך! מאכע דאך ניכט זא שווער דעם אבשיעד איך ביטע דיך וויינע ניכט עס בריכט מיר מיין הערץ!!

**יוכבד:** זמרי, מיין פאטער ווייסט נור פאן אונזערער ליעבע, אבער ניכט פאן אונזערער געהיימען הייראטה, אבער ער ווירד עס ערפאהרען, יא ער מוס עס דאך ערפאהרען דען דיא פרוכט דער ליעבע ווירד עס איהם ענדליך פערראטהען. זמרי! איך קאן אונד וויל ניכט מעהר אין מיין פאטערס הויז בלייבען, נעהמע מיך מיט מיט דיר!....

**זמרי:** וואס זאגסט דוא מיין קינד? ווער ווייסט וועלכען ביטערען מאנגעל איך ווערדע נאך צו ליידען האבען ביז עס ווירד פאן מיר עטוואס! אך ניין! זא וואס דארפסט דוא ניכט מיטמאכען, ניין דאס איזט אונמעגליך!

**יוכבד:** מאנגעל נאטה, אונד דיא שווערסטען ליידען וויל איך גערנע אויס-שטעהן נור ניכט פאן דיר פערלאסען זיין, זמרי מיין הערצענס-

געליעבטער מאן איך ווערדע קיינען טאג איבערלעבען אהנע דיך, איינציגער פריינד מיינעם הערצענס, וואן דוא מיך וואהרהאפטיג ליעבסט נעהמע מיך מיט דיר, זאגע ניכט ניין דען דוא טעטעסט מיך.

**זמרי:** נון גוט קאממע מיט מיר אויף גוטעם גליק.

**יוכבד:** דאנק טויזענד דאנק, אבער נאך איין קליין ווייניג געדולד, באלד בין איך ביי דיר צוריק.

**זמרי:** וואהין ווילסט דוא דען געהן?

**יוכבד:** אין מיין פאטערס הויז אויף איינער קורצען ווייליע אום איין פאר קליידער אונד אלעם נעטהיגע וואס איך אימשטאנדע זיין ווערדע אין געהיים פיר אונזערע רייזע מיטצונעהמען, דאן בין איך וויעדער ביי דיר אום ניע מעהר צו שיידען, אויפס וויעדערזעהן, אויפס באלדיגע וויעדערזעהן. (אב)

**זמרי:** (זינגט) אך געליעבטעם וייב אויך דוא מוזט מיט
מיר טהיילען מאנגעל אונד נאטה
אונבעשטימט איזט אונזער וועג
ווער ווייסט וועלכע געפאהר אונזביידען דראהט
געלד! וואו נימט מאן געלד?
זאגאר צום טייפעל העטע איך מיך פערקויפט דאפיר
געלד! וויא גליקליך ווערע איך ווען איך העטע געלד
העטע איך געלד! געלד! געלד! (שלאפט איין)

(אויפטריט מאמאן אונטעראירדיש, זינגט)

חַ חַ חַ חַ חַ חַ חַ געלד! געלד! (7 מאל) חַ! חַ!
הערע נאר וויא שעהן דאס קלינגט (7 מאל) קלינג קלאנג
דאס איזט מיין צויבערקלאנג
געלד! געלד! געלד! חַ חַ חַ חַ
דאס איזט מיין צויבער קראפט קלינג קלאנג.

**זמרי:** (פראזע, ערשראקען) וועה מיר ווער איזט דער?

**מאמאן:** חַ חַ חַ! דוא ארמער מאן ווארום זא ענגסטליך ערפאהרע נור ווער איך בין אונד דוא וירסט פאר פריידע יובעלן.

**זמרי:** איך פירכטע מיך פאר דיר דוא ביזט איין טייפעל.

**מאמאן:** אונד דאך האט מיך דיא גאנצע וועלט אנערקאנט אלס איהר גאט.



**זמרי:** ווער ביזט דוא דען?

**מאמאן:** איך בעהערשע דיא גאנצע וועלט, אלע מענשען ביקען זיך פאר מיר, איך מאכע דעם שוואכסטען פאר א גבור, בין משדך איינען אלטען גרייז צו איינעם יונגען מעדכען, איך מאכע דעם גרעסטען שורקען צום פיינסטען מענשען, איך מאכע איינעם דומקאפף צום גרעסטען חכם.

**זמרי:** ווער ביזט דוא?

**מאמאן:** איך בין מאמאן דער געלדגאט (זמרי לאכט) חַ חַ חַ זיעהסט דוא וואס פיר איין צופריעדענעם געזיכט דוא מאכסט וואן דוא הערסט מיינעם נאמען . . . ווילסט דוא מיך אנערקענען אלס דיינען גאט, זא גיב איך דיר קורח׳ס אוצרות, דוא וירסט דער רייכסטער מאן אויף דער ערדע!

**זמרי:** רייך?

**מאמאן:** מיליאנען פאן געלד וירסט דוא בעזיטצען, הערע וויא שען דאס קלינגט (קלינגט מיט איינער בערזע געלד) ווילסט דוא דאפאן בעזיטצען גאנצע הויפען? ווילסט דוא?

**זמרי:** אב איך וויל? געוויס וויל איך, ווער וויל דען דאס ניכט? יא מאכע מיך רייך, אה איך ווערדע ניכט זא שלעכט זיין וויא מיין שוויעגער-פאטער, מיין גרעסטעס גליק וירד עס זיין וואן איך ווערדע מיינע מיטמענשען קענען גליקליך מאכען.

**מאמאן:** חַ חַ חַ חַ!

**זמרי:** אה איך וייס וואס עס הייסט נאטה אונד מאנגעל זא ווערדע איך אויך מיט אלע ליידענדע מיטפיהלען.

**מאמאן:** חַ חַ חַ חַ חַ!

**זמרי:** אלע נאטהבעדירפטיגע זאלען מיין רייכטהום מיט מיר טהיילען, אלע ארמע זאלען מיך זעגנען.

**מאמאן:** חַ חַ חַ חַ חַ חַ!

**זמרי:** אבער ווארום לאכסט דוא דען זא?

**מאמאן:** דוא נאריש מענשעלע, דוא קורצזיכטיגער שטערבליכער, יעה מעהר רייכטהום דוא וירסט בעקאממען דעסטא קארגער אונד גייציגער וירסט דוא ווערדען, יעה מעהר הויפען געלד דוא וירסט

דיר צוזאמען שארען דעסטא מעהר ווירסט דוא שרייען נאך! נאך! נאך! דיא ארמע דיא נאטהבעדירפטיגע אנשטאט זייא צו געבען ווירסט דוא נאך ביי זייא נעהמען, שינדען דיא הויט פאן זייא, אויס-זויגען פאן זייא דאס לעצטע טראפפען בלוט.

**זמרי:** איך?

**מאמאן:** יא! נאטירליך דוא דארפסט יא ניכט בעסער זיין פאן דיא אלע וועלכע צו מיר דיענען.

**זמרי:** דאך וויל איך פראביערען, דעם נסיון פאן עניות האבע איך ליידער שאן צו לאנגע מיטגעמאכט, יעצט וויל איך רייכטהום, יא מאכע מיך רייך! וואס עס זאל אויס מיר ווערדען רייך וויל איך זיין, גיב מיר געלד!

**מאמאן:** גוט! אבער וויסע דאס איך געב׳ ניכט אומזאנסט, פיר מיי נאלד פערלאנגע איך אויך דאס דוא זאלסט מיר וואס געבען.

**זמרי:** וואס האבע איך דען דיר צו געבען?

**מאמאן:** דיין הערץ.

**זמרי:** מיין הערץ?

**מאמאן:** דאס איזט גאנץ איינפאך, איך געבע דיר עטוואס צו טרינקען אונד דיעזער מוסקעל וואס דוא רופסט הערץ ווירד זא הארט וויא שטיין, זא קאלט וויא אייז, זאלכע דומע ווארטע וויא רחמנות, מיטלייד אונד דערגלייכען מוסט דוא פאן דיינען ווערטערבוך גאנץ אויס-שטרייכען! דוא ווירסט ארבייטען מיט טויזענדער אונד אבער טויזענדער בהמות 4 פיסיגע אונד אויך 2 פיסיגע זאלען ביי דיר קיין שטראה גראדע וויא דיא 4 פיסיגע, דוא ווירסט מיט דעם געלד שפעקוליערען אויסדענקען א קלוג שפיצעלע אונד טויזענדער ווערדען דורך דיר אין איין טאג פעראדמט אונד רוינירט ווערדען, מאנכע ווערדען זיך טרענקען, מאנכע הענגען א. ז. וו. דוא אבער מאכסט דיר ניכטס דארויס, דוא זיצט דיר גאנץ געמיטליך אין דיינען רייכען פאלאסט אונד דענקסט נאך איבער איינער נייען שפעקולאציאן, איין אנדער קלוג שפיטצעלע, זא ווירד מאן מיליאנער.

**זמרי:** וועק! וועק פאן מיר דוא בעזער טייפעל!

**מאמאן:** מיינסט דוא דאס ערנסט, הערע וויא שען דאס קלינגט.



**זמרי:** אה!

**מאמאן:** אה איך קען אייך מענשעלעך דורך אונד דורך, איהר ווערדעט ליעבער שיידען פאן אייער לעבען אלס פאן דיעזער זיסען מוזיק, הערע וויא שען דאס קלינגט.

**זמרי:** גיב, ניין! ניין! איך וויל ניכט, דאך גיב, אה וועה מיין ארמעס הערץ וויא עס רוישט אונד שטירמט זא ווילד.

**מאמאן:** עבען דארום זאגע אויך יא גיב עס מיר, וואצו נוטצט דיר דיעזעס דומע הערץ מיט זיין ווילדען שטירמישען טיקטאק, דאס פערשאפט יא נור ליידען אונד שמערצען, זאבאלד דוא אבער נור פאן דיעזעם געטראנק וואס מיינע טייפלישע קונסט פאבריצירט האט קאסטען ווירסט זא ווירד עס דארט ניכט זא שטירמען אונד ברויזען נור גאנץ קאלט אונד לאנגזאם טיק טאק, הערע נור וויא שען דאס קלינגט.

**זמרי:** גיב הער דיין געטראנק שנעל.

**מאמאן:** קאם מיט מיין ליעבער! קאם מיט מיר.

**זמרי:** וואהין?

**מאמאן:** אין איינער טייפעל קאמער, (שלעפט איהם) נאך א נשמה קעלע, דאס ציעהט וויא א מאגנעט. (צייגט אויף דער ברוזע, אב)

## פערוואנדלונג

(טייפעלס גראטטע, אין הינטערגרונד פערשיעדענע טיערע דראכען שלאנגען א. ז. וו. אין דער מיטע איין טראהן אויס פעלדשטיין, הערום איהם עבענפאלס פערשיעדענע טיערע, טייפעל מארשיערען שטעלען זיך אויס האלב רונד, מאמאן קאמט הערייז מיט זמרי).

**קאהר:** לויבט לויבט אונזער הערשער דעם בעריהמטען מייסטער
לויבט איהם אלע איהר דיענער גייסטער
פערשטעהען מיסען וויר פאן איהם יעדען ווינק
זיין בעפעהל ערפילען — וויא שנעל אונד פלינק
וויר שוועבען איבעראל — אין פעלד אונד וואלד
וויר וועקסלען נאך וואונש אונזער געשטאלט
וייל וויר זינד דיא דיענער גייסטער
פאן אונזערען הערן דעם וועלט בעריהמטען מייסטער
אוי אוי אוי אוי אוי!

**מאמאן:** (זינגט) הערט! ווערדע איך אייך עטוואס ערצעהלען איינעם שעהנעם שפאס
געאפפערט האבע איך יעצט וויעדער אן איינען מיינעם ווילדען האס
דאס ליעבען אלע אהן א שיעור (קלינג קלאנג) (קאהר)
דאס פיהרט זייא אלע גלייך צו מיר (קלינג קלאנג)
יא זייא צו פערדערבען איזט דאס בעסטע מיטעל נור געלד
איך בין אנערקאנט אלס גאט ביי אלע נאציאנען דער וועלט
יא זייא צו פערדערבען איזט דאס בעסטע מיטעל נור געלד
חחחחחח!

**קאהר:** יא זייא צו פערדערבען א. ז. וו. (טאנץ)

(פוריע מיט א בעכער רייצט זיך מיט זמרי ער וויל טרינקען זיא טאנצט, ווען זמרי ערגרייפט דעם בעכער אונד טרינקט אויס אלע טאנצען א גערייש, זמרי שטירצט אויף שטיינבאנק).

## פערוואנדלונג

(אויפטריט יוכבד, פינסטער).

**יוכבד:** (פראזע) זמרי ווא ביזט דוא? עס איזט זא פינסטער, האבע איך דען דעם וועג פערלארען? זמרי! מיר שיינט איך בין דאך אויף דעם ריכטיגען פלאטץ געקאמען אבער זמרי ווא איזט ער דען... מיין גאט דא ליעגט ער, זא אים זאלכען וועטער צו שלאפען אלמעכטיגער גאט ווען איין בליטץ.... דאך ניין בעהיטע דער הימעל זמרי מיין ליעבער מאן. אה! ער אטמעט, ער לעבט, מיין זמרי ערוואכע איך בין עס דיינע יוכבד.

**זמרי:** (פערווירט) ווא בין איך?

**יוכבד:** דוא האסט איינגעשלאפען וועהרענד דוא האסט אויף מיך געווארטעט.

**זמרי:** ווא איזט דער טייפעל?

**יוכבד:** וואס פיר איין טייפעל?

**זמרי:** אונד דער גאלדענער בעכער מיט דעם געטראנק.

**יוכבד:** וואס שפריכסט דוא, האסט וואהרשיינליך פאן עטוואס געטריימט. ערוואכע דאך מיין ליעבער מאן שויע מיך אן אבער ניכט זא קאלט ניכט זא פרעמד, איך בין עס דאך דיינע יוכבד.



**זמרי:** וואס ווילסט דוא?

**יוכבד:** מיין גאט! וויא זאנדערבאר דוא פראגסט, איך וואר דאך אין מיין פאטערס הויז אום עטוואס פיר אונזערע רייזע מיטצונעהמען, נון דא האבע איך וואס נעטהיג איזט. מיין פאטער איזט שאן געשלאפען איך האבע נאך איינען קוס אויף זיינער שטירנע געדריקט פיעלייכט דעם לעצטען דען ווער ווייסט וואן איך איהם נאך איין מאל זעהען ווערדע, אך מיר וואר זא שווער אויפס הערץ דאך דער געדאנק אן דיך האט מיין הערץ געשטערקט אונד דא בין איך וויעדער מיט דיר צוזאמען מיין געליעבטער מאן.

**זמרי:** דאס איזט ניכט נעטהיג, יוכבד הערע וואס איך דיר זאגען ווערדע געהע צוריק צו דיינען פאטער.

**יוכבד:** וואס זאגסט דוא?

**זמרי:** דוא קאנסט מיט מיר ניכט געהן.

**יוכבד:** ווארום?

**זמרי:** וויל דוא ווירסט עס שפעטער פיעלייכט בערייען.

**יוכבד:** ניין זמרי ניעמאלס, איך ווערדע ניעמאלס בערייען.

**זמרי:** נון זא ווערדע איך עס בערייען.

**יוכבד:** דוא?

**זמרי:** אום דיר דיא וואהרהייט צו זאגען בערייהע איך שאן יעצט, זאנאר אונזערע פערהעלטניסע.

**יוכבד:** (שרייט אויס) זמרי!

**זמרי:** בר...... ווארום שרייעסט דוא זא, עס איזט אומזאנסט, דוא געהע צוריק צו דיינעם פאטער אונד געהע מיר מיינעם וועג, פערגעסען וויר זיך איינער דעם צווייטען, אדיע! (וויל געהן)

**יוכבד:** ניין דוא געהסט קיינען שריט אהנע מיך, ווילסט דוא מיך פער-לאסען זא טעדטע מיך פריהער.

**זמרי:** (שטאסט זיא פאן זיך וועק) וואס ווילסט דוא גאר געוואלד געברויכען?

**יוכבד:** וועלכע פערענדערונג איזט מיט דיר פארגעגאנגען, דוא ווייסט דאך דאס איך קאן אין מיין פאטערס הויז ניכט צוריק, אדער האסט דוא מיך פאן אנפאנג אן בעטראגען? האסט מיך בלאס פערפיהרט אונד אומגליקליך געמאכט?

**זמרי:** פערפיהרט? איך האבע דיך יא ניכט געצוואונגען, איך האבע דיך ניע בעטראגען, דוא האסט מיך געליעבט האבע איך דיך אויך געליעבט אונד באסטא!

**יוכבד:** דוא האסט מיך געליעבט אונד יעצט?

**זמרי:** יעצט האבע איך מיר דיא זאכע גאנץ אנדערס איבערלעגט.

**יוכבד:** אלמעכטיגער גאט אים הימעל ערבארמע דיך מיינער.

(אויפטריט הויפטמאן, סאלדאטען)

**הויפטמאן:** (ערגרייפט זמרי) ענדליך האבע איך דיך געפאקט.

**זמרי:** וואס וואלט איהר פאן מיר?

**הויפטמאן:** צום טייפעל איך האבע גאר איין אירטהום געהאבט, עס איזט גאר ניכט דער וועהם איך זוכע.

**זמרי:** זוכסט דוא ניכט פיעלייכט דעם יעניגען וועלכער איינען עגיפטישען הויפטמאן ערשטאכען האט?

**הויפטמאן:** יאוואהל, ווייסט דוא ווער ער איזט?

**זמרי:** געוויס, אבער איך האבע געהערט דאס איינע בעלאהנונג אויסגעזעצט איזט פיר דעם יעניגען דער איהם אין אייערע הענדע איבערליעפערען ווירד.

**הויפטמאן:** יא איינע זעהר גראסע בעלאהנונג!

**זמרי:** ווערדע איך זיא קריעגען?

**הויפטמאן:** נאכדעם דוא איהם אין מיינע הענדע איבערליעפערען ווירסט, ווא איזט ער?

**זמרי:** דארט אונטער איינעם פעלזען פערשטעקט.

**הויפטמאן:** (צו סאלדאטען) זוכט שנעל נאך. (אב)

**יוכבד:** דיין פריינדס לעבען איבערגיעבסט דוא ויינען פיינדען אין דיא הענדע?

**זמרי:** ווארום ניכט, איך קריעג יא געלד דאפיר.

**יוכבד:** זמרי! וואס איזט פלעטצליך אוים דיר געווארדען!

(אויפטריט עקיבא געשלעפט פאן סאלדאטען)

**עקיבא:** דוא האסט מיך פערראטען, פערפלוכטער פעררעטער!

(מאן שטירצט איהם ניעדער).



**יוכבד:** זמרי וואס איזט מיט דיר געווארדען, העלף מיר גאט. (זמרי ווערפט זיא פאר זיינע פיעסע, לאכט).

## פערוואנדלונג

(מאכאן אויף דעם טראהן, אלע טייפלען טאנצען, צייגען אויף זמרי מיט דיא פינגער, ווערפען איהם קיססע, זונגען).

גאלד רעגען.

(פ א ר ה א נ ג).

(ענדע דעם ערסטען אקטעס).

# II. אַקְט

(20 יאהרע שפעטער)

(רייכער פאווילאָן, אין הינטערגרונד וואסער, זמריים פאלאסט מיט טעראססע שטיעגען, אויפטריט יונה, זינגט).

**יונה:** אוי רָחֶלֶע זִיעסֶע רָחֵלֶע שֶׁעֶנֶע
וִויא מִיט אַ שְׁטְרִיק אַזוֹי צִיעהְט עֶס מִיךְ צוּ דִיר
מִיט דַיינֶע אֵיינֶגֶעלֶעךְ דִיא שְׁוַוארְצֶע דִיא קְלֵיינֶע
אַךְ קוּם אַרוֹיס קוּק אוֹיף מִיר
מַיינֶע לֶעמֶעלֶעךְ הָאבּ אִיךְ אוֹיף הֶפְקֵר גֶעלָאזְט
אוּנ בִּין גֶעלָאפֶען אַהֶער דִיךְ צוּ זֶעהְן
אִיךְ צִיטֶער פַאר לִיעבֶּע וִויא פוּן אַ פְרָאסְט
מִיךְ עֶרְוַואכֶען אוֹי קֶענְסְט דוּא נָאר אַלֵיין
אוֹי רָחֵלְע קוּם אַרוֹיס פוּן דַיין שטוּבּ
הֶער מַיין גֶעוויין אוּנ מַיין פָאעֶזִיע
אוֹי רָחֵלֶע טְהַייעֶרֶע אִיךְ הָאבּ דִיךְ אַזוֹי לִיעבּ
אַזוֹי זִינְג אִיךְ שְׁטֶענְדִיג אוּנ פַייף מִיר צוּ.

(אויפטריט רחל)

**רחל:** (פראזע) יָא עֶר אִיז עֶס יוֹנָה דֶער שֶׁענֶער שֶׁעפֶער, אִיךְ הָאבּ אָבֶער בַּאלְד עֶרְקֶענְט זַיינֶע שֶׁענֶע שְׁטִימֶע.

**יונה:** אוֹי זִיא אִיז עֶס דִיא שֶׁענֶע רָחֵלֶע, אִיךְ הָאבּ אָבֶער גֶעוואוּסְט אַז מִיט מַיין פַייפֶעלֶע וֶועל אִיךְ זִיא צוּ מִיר אַרוֹיסְפַייפֶען.

**רחל:** שׁוֹין זַייט אַ שְׁטִיקֶעל צַייט בֶּעגֶעגֶענֶען מִיר זִיךְ אַלֶע טָאג, אִיךְ קוּק צוּ אִיהְם אוּנ עֶר קוּקְט צוּ מִיר אוּנ גֶערֶעדְט הָאבֶּען מִיר נָאךְ קֵיין וָוארְט.

**יונה:** נֵיין אִיךְ קֶען מִיךְ נִיט פוּן דֶעם פְּלַאטְץ אוֹיפְהֶעבֶּען, אַזוֹי וִויא אִיךְ דֶערְזֶעה זִיא אַזוֹי נֶעמְט עֶס מִיר אָבּ הֶענְד אוּנ פִיס.

**רחל:** אוֹי וִויא שֶׁען עֶר אִיז, אָבֶער פַאר וָואס גֶעהְט עֶר נִיט צוּ צוּ מִיר?



**יונה:** הַמְ.... הָאט זִיא אַ פָּאר אֵיינֶגֶעלֶעךְ, אַ פִּיסְקַארֶע, יוֹנָה זַייא אַ מֶענְשׁ שְׁטֶעה אוֹיף, גֶעה רֶעד וֶוערְטֶער אֵיין מָאל פַאר אַלֶע מָאל טוֹיט אָדֶער רוֹיט (געהט צו) גָאט מִיט דִיר!

**זיא:** יְבָרֶכְךָ הַשֵּׁם (פויזע) עֶר שְׁוַוייגְט?

**ער:** עֶס הָאט מִיר אָבְּגֶענוּמֶען דָאס לָשׁוֹן.

**זיא:** הַיינְט אִיז דֶער מָארְגֶען אַזוֹי שֶׁען.

**ער:** יָא וַוייל.... וַוייל.... דוּא שְׁטֶעהְסְט אִין דְרוֹיסֶען... נוּא עֶס הָאט זִיךְ מִיר אַרוֹיסְגֶעפַייפְט אוּמְגֶערְן.... אָבֶער זִיא שְׁוַוייגְט, זִיא עֶנְפֶערְט מִיר נִישְׁט? (וויינט)

**רחל:** דוּא וַויינְסְט?

**יונה:** אִיךְ וַויין.

**רחל:** הָאט דִיר יֶעמַאנְד עֶפִּיס צוּ לֵייד גֶעטְהוּן?

**יונה:** יָא!

**רחל:** וֶוער?

**יונה:** דוּא!

**רחל:** אִיךְ? וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר דֶען גֶעטְהוּן?

**יונה:** דוּא הָאסְט מִיר פֶערְקְלֶעמְט בַּיים הֶערְצֶען.

**רחל:** אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה נִיט.

**יונה:** אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה אוֹיךְ נִיט, אָבֶער יֶעדֶעס מָאל וֶוען אִיךְ דֶערְזֶעה דִיךְ הֵייבְּט מִיךְ אָן בַּיים הֶערְצֶען אַזוֹי קִיצְלֶען אוּנ צוּ נָאגֶען אוּנ צוּ קְלֶעמֶען אַז אִיךְ פֶערְגֶעס אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אוּנ אִין מַיינֶע לֶעמֶעלֶעךְ אוּנ אִיךְ קֶען נִיט עֶסֶען, נִיט טְרִינְקֶען, נִיט שְׁלָאפֶען, נִיט רוּהֶען, אִיךְ.... אִיךְ וָואלְט עֶפִּיס גֶעוָואלְט נָאר אִיךְ הָאבּ מוֹרָא, (זיא ווענדעט זיך וועק וויינט שטיל) אַצוּנְד וַויינְט זִיא.... רָחֵלֶע דוּא וַויינְסְט?

**רחל:** אִיךְ וַויין.

**יונה:** הָאבּ אִיךְ דִיר אֶפְשַׁר אוֹיךְ פֶערְקְלֶעמְט בַּיים הֶערְץ? (זיא שאָקעלט מיטין קאָפּ) נוּא יוֹנָה וָואס שְׁטֶעהְסְט דוּא וִויא אַ לַיימֶענֶער גוֹלֶם? (נעמט איהר האנד) מֶע... מֶעג אִיךְ? (זיא מאכט מיט דעם קאָפּ, ער קישט) נוּא יוֹנָהלֶע שְׁלָאג דָאס אַייזֶען זָא לַאנְג עֶס אִיזְט הֵייס, רָחֵלֶע ווִילְסְט זַיין מַיין וַוייבּ? (זיא זאגט יא, פאלט אויף זיין ברוסט) לַאנְג לֶעבֶּען זָאלְסְט דוּא רָחֵלֶע, גִיבּ מִיר דַיין רֶעכְטֶע הַאנְד, מַזָל טוֹב, עֶס זָאל זַיין אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה.

רחל: אָמֵן וְאָמֵן!

יונה: דֶער זִיווּג זָאל זַיין מִן הַשָׁמַיִם.

רחל: אָמֵן וְאָמֵן!

יונה: דוּא זָאלְסְט דִיךְ עֶלְטֶערֶען מִיט דַיין יוֹנָהלֶען אִין עוֹשֶׁר אוּנ כָּבוֹד.

רחל: אָמֵן! דוּא זָאלְסְט שְׁטֶענְדִיג בְּלַייבֶּען מַיין גֶעטְרַייעֶר יוֹנָה.

יונה: אָמֵן וְאָמֵן!

רחל: דוּא זָאלְסְט קֵיין אַנְדֶערֶע נִיט לִיעבֶּען אויסֶער מִיר.

יונה: אָמֵן וְאָמֵן!

רחל: אוּנ... אוּנ שׁוֹין.

יונה: אָמֵן וְאָמֵן! רָחֵלֶע וֶוען דֶענְקְסְט דוּא זָאלֶען מִיר זִיךְ אָנְגְרֵייטֶען צוּ דֶער חֲתוּנָה?

רחל: אוּנְזֶער חֲתוּנָה קֶען נִיט אַזוֹי שְׁנֶעל זַיין.

יונה: גֶעה וֶוען נִיט יֶעצְט שׁוֹין מֶעג זַיין שְׁפֶּעטֶער הַיינְט אָדֶער מִיטְוָואךְ.

רחל: עֶס קֶען נִיט זַיין.

יונה: נוּא וֶועלֶען מִיר זָאגֶען 2 וָואכֶען, נוּא וֶועלֶען מִיר זָאגֶען אַ חוֹדֶשׁ.

רחל: נִ״ט מֶעגְלִיךְ.

יונה: צְוַוייא חֳדָשִׁים.

רחל: אוֹיךְ נִיט.

יונה: וֶוען דֶען?

רחל: אוּנְזֶער חֲתוּנָה קֶען עֶרְשְׁט זַיין שְׁפֶּעטֶער מִיט 3 יָאהְר.

יונה: אוֹי וֶועה מִיר וָואס הָאסְט דוּא גֶעזָאגְט רָחֵלֶע עֶרְשְׁט 3 יָאהְר שְׁפֶּעטֶער, וִויא הָאבּ אִיךְ כֹּחַ אַזוֹי לַאנְג צוּ וַוארְטֶען.

רחל: עֶס קֶען אָבֶּער פְרִיהֶער נִיט זַיין.

יונה: פַאר וָואס?

רחל: פָארִיגֶעס יָאהְר אִיז מַיין פָאטֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ מַיינֶע מוּטֶער מִיט מִיר זֶענֶען גֶעבְּלִיעבֶּען אָרִם אוּנד הִילְפְלָאז, הָאבּ אִיךְ מִיךְ צוּ דֶעם רַייכֶען זִמְרִי אַלְס אֵיינֶע שְׁקְלַאוִין פֶערְקוֹיפְט אוֹיף 4 יָאהְר, דָאס גֶעלְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען הָאבּ אִיךְ מַיינֶער מוּטֶער גֶעגֶעבֶּען זִיא זָאל זִיךְ דַאמִיט עֶרְנֶעהְרֶען קֶענֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ נָאךְ 3 יָאהְר צוּ וַוארְטֶען בִּיז אִיךְ בִּין ווִיעדֶער פְרַייא.

יונה: רָחֵלֶע אִיךְ הָאבּ אַ פְּלַאן, בַּייא דֶעם זֶעלְבֶּען זִמְרִי וָואס דוּא בִּיזְט אַ שְׁקְלַאוִין בִּין אִיךְ אַ שֶׁעפֶּער, אִיךְ הָאבּ אִיהְם צְוַואר נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעזֶעהֶען, אָבֶּער דוּא זֶעהְסְט אִיהְם אַלֶע מָאל. קוּם אַרַיין צוּ אִיהְם אוּנ שְׁטֶעל מִיךְ פָאר אוּנ דוּא וֶועסְט זֶעהְן וִויא אַזוֹי יוֹנָה וֶועט זִיךְ אויסְטַעְנָה׳ן מִיט אַזַא גְרוֹיסֶען אָדוֹן.



רחל: עֶר אִיז יֶעצְט נִיכְט אִין זַיין פַּאלַאסְט, הָאסְט דוּא דֶען נִיט גֶעהֶערְט אַז עֶר אִיז גֶעוָוארֶען שֵׁנִי לְמֶלֶךְ?

יונה: זִמְרִי אוּנְזֶער הֶערְר אִיז גֶעוָוארֶען גֶעקְרֶעהְנְט צוּ שֵׁנִי לְמֶלֶךְ?

רחל: גֶעווִיס, הַיינְט קוּמְט עֶר אַהֶער מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע לַייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם מִיט דֶער שֶׁענְסְטֶער פַּארַאדֶע.

יונה: אוֹי, אוֹיבּ אַזוֹי גוּט, אִיךְ שְׁפְּרִינְג אִיהְם אַקֶעגֶען אוּנ זָאג בְּזֶה הַלָּשׁוֹן אֲדוֹנִי שֵׁנִי לְמֶלֶךְ.

רחל: יוֹנָהלֶע מַאךְ דִיר קֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע הָאפְנוּנְג מֶען וֶועט דִיךְ גָאר נִיט צוּלָאזֶען צוּ אִיהְם.

יונה: נִיט צוּלָאזֶען, ווִייל אִיךְ אִיהְם נִיט הָאבֶּען פַאר קֵיין שֵׁנִי לְמֶלֶךְ.

רחל: דוּא בִּיזְט שְׁטֶענְדִיג אוֹיף דֶעם פֶעלְד דוּא קֶענְסְט אִיהְם נִיט, (אִין אוֹיעֶר) יוֹנָה׳לֶע, זִמְרִי אִיז דֶער שְׁלֶעכְטֶעסְטֶער מֶענְשׁ אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט.

יונה: פֶערְשְׁטֶעה אִיךְ נִיט וִויא אַזוֹי מַאכְט מֶען אַזַא שְׁלֶעכְטֶען מֶענְשֶׁען פַאר שֵׁנִי לְמֶלֶךְ.

רחל: עֶר אִיז דָאךְ דֶער רַייכְסְטֶער מֶענְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט, מֶען זָאגְט אַז עֶר פֶערְמָאגְט קוֹרַח׳ס אוֹצְרוֹת.

יונה: קוֹרַח׳ס אוֹצְרוֹת פֶערְמָאגְט עֶר, אוֹיבּ אַזוֹי מוּז עֶר דִיךְ פְרַייא לָאזֶען, וֶוען נִיט וֶועט עֶר אַיינְגֶעזִינְקֶען וֶוערֶען וִויא קוֹרַח, אִיךְ וֶועל אִיהְם זָאגֶען אִין דִיא אוֹיגֶען.

רחל: נַיין! נַיין יוֹנָה׳לֶע, דָא וֶועט גָאר נִיט הֶעלְפֶען נָאר אֵיין אֵיינְצִיגֶע זַאךְ קֶען מִיךְ בֶּעפְרַייעֶן.

יונה: זָאג רָחֵלֶע זָאג וֶועלְכֶער וֶועג.

רחל: וֶוען אִיךְ זָאל אִיהְם צוּרִיק בְּרֶענְגֶען אַלֶע 100 שְׁקָלִים וָואס אִיךְ הָאבּ בַּייא אִיהְם גֶענוּמֶען אוֹיף אַלֶע 4 יָאהְר.

יונה: 100 שְׁקָלִים, וֶועה אִיז צוּ מִיר, ווִיא קוּמְט צוּ מִיר אַזַא עֲשִׁירוּת, אַ קְלֵיינִיגְקֵייט 100 שְׁקָלִים.

(אויפטריט מאמאן פערקליידעט אלס סאמועל, דער קאמערדיענער פאן רעבנס, גבריאל פאן לינקס).

**מאמאן:** חה חה חה! 100 שקלים הייסט אויך געלד?

**יונה:** רחלע ווער איז דער?

**מאמאן:** דאס איז סאמועל דער קאמערדיענער פאן זמרי.

**יונה:** קוק אן א נאו.

**רחל:** פפוי איז מיר דער מענש פערהאסט, דער רעדט אן זמרי צו אלען בעזען.

**יונה:** דיינע אויגען זענען אזוי וויא ביא א נישט גוטען. (ערבליקט גבריאל) אונ ווער איז דאס יונגעלע?

**רחל:** דאס איז גבריאליק דער פאזש, דאס איז אזא גוט קינד, אבער זמרי טרייבט איהם שטענדיג פון זיך וועק.

**מאמאן:** חה חה חה חה! 100 שקלים הייסט ביא דיר אזא פערמעגען.

**יונה:** רחלע וואס וויל ער?

**רחל:** ער רייצט זיך מיט אונז ווייל מיר זענען ארים.

**מאמאן:** צום ביישפיעל ווען איך געבע אייך דיא 100 שקלים וואס וואלט איהר געטהון מיט זייא?

**יונה:** דוא האסט דען?

**מאמאן:** (קלינגט מיט דער בערזע) נאטירליך! הערע וויא שען דאס קלינגט.

**יונה:** זאל מיין נאמען ניט הייסען יונה אויב ער האט עס ניט געגנב'עט.

**מאמאן:** וואס?

**יונה:** וויא דען קומט צו א משרת אזוי פיעל געלד?

**מאמאן:** דוא נאר, זמרי איז מעהר מיין משרת וויא איך דיינער, זיין גראסער רייכטהום האט ער מיר צו פערדאנקען, איך בין איין קינסטלער, איין געשעפטסמאן, אונד זעהסט דוא אבוואהל דוא האסט מיך בעליידיגט דאך געפעלסט דוא מיר, איך קאן דיר געבען איין מיטעל וויא ניכט נור 100 שקלים צו בעקאמען זאנדערען אויך איין גאנצען רייכטהום צו ערווערבען! הערע וויא שען דאס קלינגט.

**יונה:** אוי רחלע הערע וויא שען דאס קלינגט.

**מאמאן:** יעצט קינדער שמעלט אייך פאר ווען איין ביסבען קלינגט זא שען וויא גראסארטיג קלינגען נאך פיעלע טויזענדער!



**רחל:** איך פערלאנג ניט קיין טויזענדער, איך וואלט נאר געוואלט האבען דיא 100 שקלים מיך צו בעפרייען.

**יונה:** דערנוייל וועלען מיר חתונה האבען דערנאך וועלען מיר ווייטער רעדען.

**מאמאן:** אום אייך צו איבערציינגען וועלכער אויפריכטיגער פריינד איך בין אייך, דא האבט איהר פאר דער האנד דיא 100 שקלים. (זייא ווילען דאס נעהמען).

**גבריאל:** האלט, ניכט בעריהרען.

**מאמאן:** וואס ווילסט דוא?

**גבריאל:** רעטען דיא 2 אונשולדיגע זעעלען פאן דיינער גיפטיגען האנד.

**מאמאן:** קינדער דער יונגע איזט פערריקט אונד וויל אייך פערריקט מאכען.

**גבריאל:** קינדער דער איזט איין מענשען פיינד, זיינע בעריהרונג איזט גיפט, זיינע צונגע איזט העליש פייער, זיינע גאבע איזט איין עוויגער פלוך!

**מאמאן:** הערט איהם ניט.

**גבריאל:** ווען אייער לעבען איזט אייך ליעב מיידעט איהם אויס.

**מאמאן:** קינדער נימט אייך איין ביישפיעל פאן אייערען הערן זמרי, מיין קלוגער קאפף האט איהם פערשאפט דען אונגעהייערען רייכטהום, דיעזען גראסען ראנג שני למלך.

**גבריאל:** אייער הער זמרי איזט דער אומגליקליכסטער מענש אויף גאטעס ערדע, זיין רייכטהום פערשאפט איהם קיין פערגניגען, זיינע עהרע מאכט איהם קיינע פריידע, דען אין זיינען הערצען איזט וויסט אונד לעער זייט ער האט זיך איבערגעגעבען אין דיא הענדע פאן דיעזען מענשען פערדערבער, גלויבט מיר קינדער דאס איהר אין אייער גרעסטען ארמוטה זייט פיעל גליקליכער אלס אייער הערר.

**יונה:** רחלע וואס זאגסט דוא?

**רחל:** מיך ציעהט עס צו גבריאליקיל.

**יונה:** מיך... מיך ציעהט עס אויך צו גבריאליקלען, אבער דאס קלינגענדע געלד?

**גבריאל:** האב מיטלייד מיט דיין אונשולדיגען לעבען.

**יונה:** הֶער מִיךְ אוים גַבְרִיאֵלִיקִיל! זָעהְסְט דוּא רָחֵלֶע וֶוען מֶען זָאל מִיר זָאגֶען, יוֹנָה! רָחֵלֶע קֶען אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין דַיינֶע בִּיז דוּא וֶועסְט דִיר נִיט פְרִיהֶער אָבְּהַאקֶען דֶעם קָאפְּף! וָואס מֵיינְסְט דוּא וָואלְט אִיךְ גֶעטְהוּן, אִיךְ וָואלְט מִיר גַאנְץ שֶׁען גֶעלָאזְט דֶעם קָאפְּף אָבְּהַאקֶען, אַבִּי רָחֵלֶע זָאל זַיין מַיין וַוייבּ.

**גבריאל:** אִיךְ וֶוערְדֶע שְׁפְּרֶעכֶען מִיט דֵיינֶעם הֶערְרְן, פִיעלַייכְט וֶוערְדֶע אִיךְ דֵיינֶע בֶּעפְרֵייאוּנְג אוֹיסְוִוירְקֶען.

**מאמאן:** נִיעמַאלְס.

**גבריאל:** גֶעבֶּען וִויר אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג נִיכְט אויף, קָאמְט מִיט מִיר.

(יונה צווישען גבריאל אונד רחלע).

**מאמאן:** הַאלְט, מֵיין אָפְּפֶער וִוירְסְט דוּא מִיר זָא לַייכְט נִיכְט עֶנְטְרֵייסֶען.

(יונה קוקט צור בערזע).

**רחל:** וָואס אִיז דִיר יוֹנָה'לֶע?

**יונה:** עֶס צִיעהְט מִיךְ עֶס שְׁלֶעפְּט מִיךְ דָאס בֵּייטֶעלֶע.

**רחל:** קָאם מִיט אוּנְז. (זיא שלעפט איהם, אַלע דרייא אַב).

**גבריאל:** (קימט צוריק) חַ חַ חַ! מֶענְשֶׁען פֶערְדֶערְבֶּער דִיעסְמַאל הַאסְט דוּא דֵיינֶע וֶועטֶע פֶערְלָארֶען.

**מאמאן:** נֵיין! דוּא שְׁוַואכֶער יֵצֶר טוֹב, אִיךְ גֶעבֶּע מֵיינֶע וֶועטֶע נָאךְ נִיכְט אויף, אוֹיךְ דִיעזֶע צְוֵוייא מִיסֶען מִיר צוּם אָפְּפֶער פַאלֶען גְרַאדֶע וִויא זִמְרִי.

**גבריאל:** אוֹיךְ זִמְרִי הַאבּ אִיךְ נָאךְ נִיכְט אוֹיפְגֶעגֶעבֶּען.

**מאמאן:** וַואס? חַ חַ חַ חַ! שָׁאן מֶעהְר אַלְס צְוַואנְצִיג יַאהְרֶע זֵייט אִיךְ אִיהְם פֶּעסְט אִין מֵיינֶע קְלוֹיעֶן הַאלְטֶע, גְלוֹיבְּסְט דוּא מִיר אִיהְם צוּ עֶנְטְרֵייסֶען חַ חַ חַ!

**גבריאל:** גוּט מַאכְט דֶער וֶוער צוּלֶעצְט לַאכְט.

**מאמאן:** דוּא קְלֵיין שְׁוַואךְ מַלְאָךְ'ל, וִויא קַאנְסְט דוּא מִיט דֵיינֶע דִינֶע לִיפֶּעלֶעךְ דִיךְ פֶערְגְלֵייכֶען צוּ דִיעזֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען צוּיבֶּערְקְלַאנְג, (קלינגט מיט דער בערזע) דִיעזֶער צוּיבֶּערְקְלַאנְג דֶער דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט צוּ מֵיינֶען פִיעסֶען גֶעוָוארְפֶען, דוּרְךְ דִיעזֶען צוּיבֶּערְקְלַאנְג בִּין אִיךְ גֶעוָוארְדֶען דֶער אָבְּגָאט דֶער גַאנְצֶען מֶענְשְׁהֵייט.

**גבריאל:** אַבֶּער דֵיינֶע הֶערְשַׁאפְט וִוירְד אוֹיךְ נִיכְט לַאנְגֶע דוֹיעֶרֶען, עֶס



וִוירְד נָאךְ אֵיינֶע צֵייט קָאמֶען וֶוען דִיא בְּלִינְדֶע מֶענְשְׁהֵייט אִיהְרֶע אוֹיגֶען עֶפְנֶען וֶוערְדֶען אוּנְד דִיךְ עֶרְקֶענֶען אִין דֵיינֶער וַואהְרֶען טֵייפְלִישֶׁען גֶעשְׁטַאלְט, בֶּעפְרֵייעֶן וֶוערְדֶען זַייא זִיךְ פָאן דֵיינֶען שְׁוֶוערֶען יָאךְ אוּנְד צוּ דֵיינֶעם צוּיבֶּערְקְלַאנְג וִוירְד נָאךְ מִיט דֶער צֵייט אֵיין עֶנְדֶע קָאמֶען. (ענטרייסט איהם דיא בערזע אונד שליידערט זיא צו בּאדען, אַב).

**מאמאן:** (העבט אויף דיא בערזע) קִינְדִישֶׁע אֵיינְרֶעדוּנְג, דוּמֶע פַאנְטַאזִיעֶן. (אַב)

(אויפּטריט פּאזשען, יונה, רחלע, גבריאל)

**קאהר:** זַייא אוּנְז גֶעגְרִיעסְט גְרָאסֶער הֶערְר אַלְס אוּנְזֶער שֵׁנִי לַמֶּלֶךְ
לַאנְג לֶעבֶּע זִמְרִי רוּפֶען אַלֶע דִיר
עֶנְטְגֶעגֶען מוּנְטֶער אוּנְד פְרֶעהְלִיךְ
נִיעמַאנְד אִיזְט אִיהְם גְלֵייךְ מִיט זָא פִיעל חָכְמָה
שְׁטָאלְץ פָאן אוּנְזֶער לַאנְד.

(אויפטריט מאמאן, זמרי)

**מאמאן:** אוֹיךְ אִיךְ בֶּעגְרִיעסֶע מֵיינֶעם וִויצֶע קֶענִיג
אוּנְד קִיסֶע דֵיינֶע הַאנְד
דוּא בִּיזְט גְרָאס אוּנְד מֶעכְטִיג } בּיס
דֶער שְׁטָאלְץ פָאן אוּנְזֶער לַאנְד.

**זמרי:** מֵיין קְלוּגֶער טְרֵייעֶר סַאמוּעֶל דִיר קָאמְט פָאן מִיר דֶער גְרֶעסְטֶע דַאנְק דַיין קְלוּגְהֵייט אוּנְד גֶעשִׁיקְלִיכְקֵייט פֶערְדַאנְקֶע אִיךְ מֵיינֶען הָאהֶען רַאנְג.

**ביידע:** (דועט) נִיע שֵׁיידֶען וִויר פָאן אֵיינַאנְדֶער
בֵּייא גֶעהֶען וִויר הַאנְד אִין הַאנְד } בּיס
מִיט דֵיין (מיין) רֵייכְטְהוּם אַרְבֵּייטֶעסְט דוּא (איך)
אוּנְד אִיךְ (דוא) מִיט מֵיין (דיין) פֶערְשְׁטַאנְד.

**גבריאל יונה רחל:** אֲדוֹנִי שֵׁנִי לַמֶּלֶךְ בָּרוּךְ הַבָּא הַבָּא
מַזָּל מִיט בְּרָכָה אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה.

**קאהר:** (וויעדערהאָלט מזל ביז שעה).

**זמרי:** אִיךְ דַאנְק אֵייךְ, יֶעצְט גֶעהְט אוּנְד טְרִינְקְט אויף מֵיינֶער גֶעזוּנְדְהֵייט.

**גבריאל:** גְרָאסֶער הֶערְר פִיר דִיךְ וֶוערֶע עֶדֶעל אוּנְד פֵיין
עֶטְוַואס גוּטֶעס צוּ טְהוּן בַּארְמְהֶערְצִיג צוּ זַיין
גְרָאסֶער הֶערְר, פִיר דִיעזֶע 2 אַרְמֶע אַךְ שֶׁענְקֶע מִיר גֶעהֶער.

**מאמאן:** פָארְט פָאן הִיער דוּא שְׁקְלַאוֶוע קֵיין וָוארְט רֶעדֶעט דַא מֶעהְר.

**יונה:** וֶוער פְרֶעגְט דֶען דִיךְ, וֶוער רֶעדְט דֶען צוּ דִיר?

**זמרי:** שְׁקְלַאוֶוע!! עֶר אִיזְט מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, רֶעסְפֶּעקְטִירְט אִיהְם, רֶעסְפֶּעקְטִירְט אִיהְם גְלֵייךְ מִיט מִיר גְלֵייךְ מִיט מִיר.

**מאמאן:** חַ חַ חַ חַ חַ!

**ביידע:** (וויע־ערהאָלען דוּטט ניע שיידען וויר א. ז. וו. ביידע אַב).

**יונה:** אַט הָאט עֶר אוּנְז גֶעעֶנְפֶערְט אוּנ אַ גוּטֶען טָאג
יֶעצְט הֶערְט אוּיס וָואס אִיךְ זָאג
רֵייךְ בִּיזְט דוּא וִויא קוֹרַח מִיט אוֹצְרוֹת אָהְן אַ צָאהְל
נוּא וֶוער זֶשֶׁע מִיר אַיינְגֶעזִינְקֶען גְלֵייךְ וִויא קֹרַח אַמָאל. (אַב)

**קאהר:** (מאכט גאנץ דאן אַלע אַב).

(אויפטריט עקיבא בלינד געפיהרט פאן צפורה מיט הארפע)

**צפורה:** הִיער גוּטֶער עֲקִיבַא אִיזְט אֵיין זֶעהְר רֵייכֶער פַּאלַאסְט, פִיעלֵייכְט וֶוערְדֶען אוּנְז דִיא רֵייכֶע לֵייטֶע פָאן הִיער עֶטְוַואס גֶעבֶּען.

**עקיבא:** קוּים שְׁטֶעה אִיךְ נָאךְ אוֹיף דִיא פִיעסֶע פַאר מִידִיגְקֵייט, וִויר זִינְד שָׁאן הַייטֶע זָא פִיעל הֶערוּם גֶעגַאנְגֶען.

**צפורה:** אוּנְד נָאךְ לֵיידֶער קֵיינֶע פְּרוּטָה פֶערְדִיעְנְט, נוּן זֶעטְצֶע דִיךְ גוּטֶער עֲקִיבַא, רוּהֶע דִיךְ אוּיס אֵיין וֶועניג אוֹיף דִיעזֶער בַּאנְק אוּנְד אִיךְ וֶוערְדֶע פְּרָאבִּירֶען מִיט אֵיין גֶעזַאנְג צוּ עֶרְוֵוייכֶען דִיא הֶערְצֶען דֶער רֵייכֶע לֵייטֶע פָאן הִיער. (זינגט)
אֵיין יְתוֹמָה בִּין אִיךְ קֵיין פַאטֶער קֵיינֶע מוּטֶער מֶעהְר
אִיךְ עֶרְנֶעהְרֶע מִיךְ מִיט דִיעזֶעם אַלְטֶען שְׁוַואכֶען בְּלִינְדֶען
אִיךְ בִּין זַיין אוֹיגֶע עֶרְצָאגֶען הַאט עֶר מִיךְ
אַלְם זַיין אֵייגֶען קִינְד.

**ביידע:** מִיטְלֵייד רֵייכֶע הֶערְרְן, הַאבְּט מִיטְלֵייד מִיט צְווייא אַרְמֶע אִין אִיהְרֶער נָאטְה, דַאפִיר וִוירְד אֵייךְ בֶּעלָאהְנֶען גָאט.

(אויפטריט זמרי)

**זמרי:** וֶוער זַייט אִיהְר? וַואס פֶערְלַאנְגְט אִיהְר, וֶוער הַאט אֵייךְ דִיעס עֶרְלוֹיבְּט?

**צפורה:** דִיעזֶער אַרְמֶע אַלְטֶע אִיזְט בְּלִינְד אוּנְד אִיךְ בִּין אֵיינֶע אַרְמֶע יְתוֹמָה, זָא הַאבֶּע אִיךְ גֶעהָאפְּט מִיט מֵיין זִינְגֶען...



**זמרי:** פַאקְט אֵייךְ! אִיךְ דוּלְדֶע קֵיינֶע בֶּעטְלֶער אִין מֵיינֶער נֶעהֶע. הִינוֹים זַאגֶע אִיךְ אֵייךְ, זָאנְסְט וֶוערְדֶע אִיךְ אֵייךְ מִיט בֵּייטְשֶׁען הִינוֹים יַאגֶען.

**עקיבא:** (אויפגערעגט) דִיעזֶע שְׁטִימֶע! קִינְד וֶוער שְׁפְּרִיכְט צוּ דִיר?

**צפורה:** עֶס אִיזְט דֶער הֶערְר פָאן דִיעזֶען רֵייכֶען פַּאלַאסְט, אַךְ דֶער שֵׁיינְט אֵיין שְׁטְרֶענְגֶער הֶערְר צוּ זַיין.

**זמרי:** (שרעקט זיך) וַואס פִיר אֵיין גֶעזִיכְט? וֶועלְכֶע זָאנְדֶערְבַּארֶע עֶהְנְלִיכְקֵייט? וֶוער בִּיזְט דוּא?

**צפורה:** אִיךְ... אִיךְ בִּין אֵיין אַרְמֶעס מֶעדְכֶען גְרָאסֶער הֶערְר, אִיךְ גֶעהֶע הֶערוּם מִיט דִיעזֶען אַלְטֶען וֶועלְכֶער הַאט מִיךְ עֶרְצָאגֶען אוּנְד אִיךְ עֶרְנֶעהְרֶע מִיךְ אוּנְד אִיהְם פָאן הַארְפֶען שְׁפִּיעלֶען אוּנְד זִינְגֶען.

**זמרי:** וִויא אַלְט בִּיזְט דוּא?

**צפורה:** 20 יַאהְרֶע.

**זמרי:** דוּא הַאסְט קֵיינֶען פַאטֶער?

**צפורה:** מֵיין פַאטֶער הַאט מֵיינֶע מוּטֶער פֶערְשְׁטָאסֶען נָאךְ בֶּעפָאר אִיךְ גֶעבָּארֶען וַואר אוּנְד מֵיינֶע מוּטֶער אִיזְט אוֹיךְ אִין עֶלֶענְד אוּנְד אִין מַאנְגֶעל גֶעשְׁטָארְבֶּען.

**זמרי:** וִויא הָאט זִיא גֶעהֵייסֶען?

**צפורה:** יוֹכֶבֶד.

**זמרי:** זִיא אִיזְט מֵיין קִינְד.

**עקיבא:** זִמְרִי! דוּא בִּיזְט עֶס, אִיךְ זֶעהֶע דִיךְ מִיט מֵיינֶען בְּלִינְדֶען אוֹיגֶען דוּא בִּיזְט עֶס?

**זמרי:** וֶוער אִיזְט דֶער בְּלִינְדֶע?

**עקיבא:** וֶוער אִיךְ בִּין? דֵיין פְרֵיינְד בִּין אִיךְ, דֵיין פְרֵיינְד עֲקִיבָא וֶועלְכֶען דוּא צוּרִיק מִיט 20 יַאהְרֶע פֶערְרַאטֶען אוּנְד פֶערְקוֹיפְט הַאסְט פִיר אֵיין וֶועניג גֶעלְד וַואס דוּא בֶּעקָאמֶען הַאסְט הַאט מַאן מִיר מֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיסְגֶעשְׁטָאכֶען, נוּן עֶרְקֶענְסְט דוּא מִיךְ שָׁאן?

**זמרי:** נַיין, אִיךְ הַאבֶּע דִיךְ נִיע גֶעזֶעהֶען, דוּא וֵוייסְט נִיכְט וַואס דוּא פְּלוֹידֶערְסְט, פָארְט מִיט אֵייךְ פָארְט זַאגֶע אִיךְ.

**צפורה:** קָאם עֲקִיבָא אִיךְ צִיטֶערֶע, דֶער שְׁטְרֶענְגֶער הֶערְר שׁוֹיעֶט אוֹיף מִיךְ מִיט זָאלְכֶע וִוילְדֶע בְּלִיקֶען.

**עקיבא:** נַיין, נִיכְט אוּמְזָאנְסְט הַאט אוּנְז דֶער צוּפַאל נַאךְ 20 יַאהְרֶען

ווידער צוזאמען געפיהרט, דוא האסט מיך ניע געזעהען זאגסט דוא. זמרי דוא ביזט איין הערצלאזער שורקע.

**זמרי:** (אזארט) הם . . . . דער וויל מיר מיינעם נאמען צו שאנדע מאכען נאך גראדע היימע!

**צפורה:** וועה מיר עקיבא דוא ווייסט ניכט צו וועהם דוא שפריכסט.

**עקיבא:** דוא ווייכט עס ניכט קינד, אבער איך וויים עס זעהר גוט. אויך דיר ווייזט ייס.

**זמרי:** ווילסט דוא שווייגען?

**עקיבא:** שווייגען? ניין שרייען וויל איך דיר אין דיינע געוויסען וואס דוא מיר געטהאן האסט אונד . . . . . .

**זמרי:** שטיל, זאגע דאך וואס ווילסט דוא?

**עקיבא:** מיינע אויגען וויל איך ווידער, גיעב מיר צוריק מיינע געזונדע גליעדער, גיעב מיר מיינע אויגען צוריק.

**זמרי:** ששש . . . . רעדע דאך קיינען אונזין, הערע מיך אן, איך בין רייך זעהר רייך, איך געבע דיר גאלד זא פיעל דוא ווילסט אונד פער־שווינדע פאן היער, פערשווינדע פיר אימער, זאגע וויא פיעל פער־לאנגסט דוא?

**עקיבא:** אלעס! דיינען גאנצען רייכטהום ביז צור לעצטען פרוטה, אלעס זאלסט דוא דיעזעם קינדע וועקגעבען דיעזער יתומה.

**זמרי:** וואס שפריכט ער פיר אונזין?

**עקיבא:** יא איהר מוסט דוא אלעס וועקגעבען אונד דיר ווערדע איך דיעזען ביזמעל שטאב געבען דאס דוא בעטלען געהען זאלסט פאן טהיר צו טהיר.

**זמרי:** נון וואן דוא ווילסט ניכט מיט גוטען דאן מוס איך געוואלד געברויכען, העי! דיענער! (ערשיינען) וויפיעל מאל מוס איך ווידער־האלען דאס צו מיינער טהירע זאלען קיינע בעטלער צוגעלאסען ווערדען? יאגט הינויס דעם אלטען אונד קימערט אייך ניכט וועגען דעם וואס ער פלוישט, דען ער איזט פערריקט. (דיענער ערגרייפען איהם)

**עקיבא:** וואס? דוא מאכסט מיך גאר פערריקט?

**צפורה:** לאסט! לאסט דיעזען אלטען בלינדען, איך ווערדע איהם זעלבסט הינויספיהרען, טהוט איהם קיין לייד.



**זמרי:** שלעפט איהם פארט. (דיענער שלעפען איהם)

**עקיבא:** לאסט מיך צו דיעזען אלטען, דער שטאב פאן דעם בלינדען זאל איהם ערשלאגען. (ווירד אבגעשלעפט)

**צפורה:** ווארום האלטעסט דוא מיך צוריק, לאס מיך צו דעם בלינדען אונגליקליכען מאן!

**זמרי:** לאס איהם געהען, דער איזט דאך פערריקט.

**צפורה:** עס איזט ניכט וואהר, איך ביטע דיך גראסער הערר טהוע מיר קיין לייד, ווארום האסט דוא אויך מיך ניכט וועקגעיאגט וויא דעם בלינדען, דוא האסט מיר פיר מיין זינגען ניכטס געבען וואלען, זא לאס מיך וועניגסטענס פריי.

**זמרי:** איך וויל דיר יא קיין לייד טהון, אים געגענטהייל איך מיינע עס גוט מיט דיר, אנשטאט הערום צו געהן בעטלען בלייבע ביי מיר ליעבער אים דיענסטע, איך ווערדע דיר דאפיר גוט בעצאהלען.

**צפורה:** איך וויל ניכט דיענען, פריי בין איך געוועהנט צו לעבען אונד צו וואהנען, איך פערדיענע מיר מיין בראד מיט שפיעלען אונד זינגען אונד טהיילע עס מיט דעם בלינדען עקיבא וועלכער מיך וויא איין פאטער ערצאגען האט.

**זמרי:** ווען איך זאגע דיר דוא זאלסט ביי מיר דיענען מיינע איך עס יא אויך מיט דיינעם שפיעלען אונד זינגען, ווען איך אמאל שלעכט געלאהנט בין זאלסט דוא מיך מיט דיינער קונסט צערשטרייען.

**צפורה:** ניין! ניין גראסער הערר, עס איזט אומזאנסט, אין דיינער נעהע ווירד מיר מיינע קונסט ניכט געלונגען.

**זמרי:** ווארום?

**צפורה:** פערצייהע גראסער הערר, דען איך מוס דיר פריי הערויסזאגען, אין דיינער נעהע בעקאמע איך זא איין טריעבעם געפיהל, מיין הערץ ווירד מיר זא ענגסטליך, ניין ניין אונמעגליך, איך קאן ביי דיר ניכט בלייבען אונד איך וויל אויך ניכט.

**זמרי:** זא ווערדע איך דיך צווינגען.

**צפירה:** צווינגען? מיט וועלכעם רעכט?

**זמרי:** וייל דוא ביזט . . . . (אפארט) ניין זיא דארף ניכט ערפאהרען וואס

וִיא מִיר אִיזְט .... אוּנֶערְפַאהְרֶענֶעם קִינְד! אִיךְ וִויל דִיךְ יַא צוּ דַיינֶעם גְלִיק צְווִינְגֶען, אִיךְ וִויל נוּר דַיין בֶּעסְטֶעס.

**צִפּוֹרָה:** וֶוער פֶערְלַאנְגְט עֶס דֶען פָאן דִיר דוּא גְרָאסֶער הֶערְר? דוּא זָארְגֶע נוּר דַאס לִיעבֶּער וִויא דַיינֶען גְרָאסֶען רַייכְטְהוּם פֶּעסְט צוּ הַאלְטֶען אוּנְד דַאס קַיינֶע בֶּעטְלֶער דַיינֶע שְׁוֶועלֶע אִיבֶּערְטְרֶעטֶען זָאלֶען? אוּנְד אִיךְ? וֶוער עֶס הַאט פִיר מִיךְ בִּיז יֶעצְט גֶעזָארְגְט דֶער וִוירְד אוֹיךְ וַייטֶער פִיר מִיךְ זָארְגֶען. (אַב)

**זִמְרִי:** דַאס זֶעלְבֶּע גֶעזִיכְט זָאגַאר דִיא זֶעלְבֶּע שְׁטִימֶע וִויא אִיהְרֶע מוּטֶער, אַלְזָא מַיין קִינְד! אִיךְ בִּין אִיהְר פַאטֶער אוּנְד דָאךְ אִיזְט עֶס הִיער (צייגט אויפס הערץ) זָא לֶעער, זָא קַאלְט, קַיינֶע לִיעבֶּע, קַיין גֶעפִיהְל! נוּר פַאר דֶעם בְּלִינְדֶען הַאבֶּע אִיךְ אַנְגְסְט, דֶער וִוירְד אִיהְר דַאס גֶעהֵיימְנִיס עֶנְטְדֶעקֶען אוּנְד מַיין נַאמֶען וִוירְד פָאר דֶער וֶועלְט צוּ שַׁאנְדֶע! אַךְ אוּנְזִין .... אִיךְ זַאגֶע עֶר אִיזְט פֶערְרִיקְט אוּנְד יֶעדֶער וִוירְד מִיר גְלוֹיבֶּען, יַא מַאן מוּס מִיר גְלוֹיבֶּען, אִיךְ בִּין רַייךְ, אִיךְ בִּין שְׁטַארְק, אִיךְ בִּין אַלְמֶעכְטִיג. (זעצט זיך)

(אויפטריט גבריאל מיט הארפע, זונגט)

I.

דֶער מֶענְשׁ עֶר לֶעבְּט עֶר יָאגְט עֶר שְׁטְרֶעבְּט
עֶר הָאט קַיין מָאל קַיין צַייט זָא לַאנְג עֶר רֶעבְּט
נוּא וֶוערְט עֶר מִיעד צוּ זַאמְלֶען פִיעל גֶעלְד
עֶר אִיז נִיט צוּפְרִיעדֶען וִויפִיעל עֶר הָאט
קוֹרַח'ס אוֹצְרוֹת מַאכְט אִיהְם נִיט זַאט
צוּ וֶועניִג אִיז אִיהְם דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט.
פְּלוּצִים קוּמְט אַ וִוינְטֶעלֶע
אוּנ גִיט אַ בְּלָאז — „אַדְיֶע"
צוּרִיק אַהִין פוּן וַואנֶען דוּא קוּמְסְט
גֶעה מֶענְשֶׁעלֶע גֶעה.
פְּלוּצִים קוּמְט אַ וִוינְטֶעלֶע
אוּנ גִיט אַ בְּלָאז „אַדְיֶע"
צוּרִיק אַהִין פוּן וַואנֶען דוּא קוּמְסְט
גֶעה מֶענְשֶׁעלֶע גֶעה.



II.

שְׁטָאלְץ אִיז דֶער עוֹשֶׁר מִיט זַיין קַאפִּיטַאל
עֶר בּוֹיעֶט פֶעסְט אוֹיף דֶעם גָאלְדֶענֶעם מֶעטַאל
דָאס גָאלְדֶענֶע קַאלְבּ דָאס אִיז זַיין גָאט
אַנְשְׁטַאט אַיין הֶערְץ אִיז בַּייא אִיהְם אַיין שְׁטַיין
אוּנ זוֹיגְט דֶאס בְּלוּט פוּן גְרוֹים בִּיז קְלַיין
גֶעשִׁיצְט גְלוֹיבְּט עֶר זִיךְ פוּן אַרְמוּטְה אוּנ נָאט
פְּלוּצִים בְּלָאזְט אַ וִוינְטֶעלֶע
דָאס רֶעדֶעלֶע טְהוּט זִיךְ אַ דְרֶעה
אַ נְדָבָה בֶּעטֶען פוּן טְהִיר צוּ טְהִיר
גֶעה מֶענְשֶׁעלֶע גֶעה.
פְּלוּצִים בְּלָאזְט אַ וִוינְטֶעלֶע
דָאס רֶעדֶעלֶע טְהוּט זִיךְ אַ דְרֶעה
אַ נְדָבָה בֶּעטֶען פוּן טְהִיר צוּ טְהִיר
גֶעה מֶענְשֶׁעלֶע גֶעה.

(אַנשטאַט דעם ליעדעל האָט מען אין קראַקויא געזינגען דאס קופּליויא דיא וועלט איז אַ חלום).

# דִיא וֶועלְט אִיז אַ חָלוֹם.

I.

פִילָאזָאפְהֶען חֲכָמִים אִיהְר אַלֶע נָאר קְלִיגֶע
עֶרְפִינְדוּנְגֶען גְרוֹיסֶע אַ גְרוֹיל
קָאמֶערְצֶען, בִּילְדוּנְג, פָּאלִיטִיק, אִינְטְרִיגֶע
גֶעקִינְצֶעלְט, גֶעפְּלָאנְטֶעט אַ קְנוֹיל
אוֹיסְשְׁטֶעלוּנְגֶען, פַּאראַדֶען, אָפִּיצִיעֶרֶע, סָאלְדַאטֶען
מֶען פְלִיעהְט מִיט בַּאלָאנֶען וִויא קְלוּג
מֶען שְׁלָאגְט זִיךְ מֶען מִישְׁטֶערְט
מֶען מַאכְט גְרוֹיסֶע סְלַאטֶען
אוּנ אִיבֶּער דֶעם יַם אַ בְּרִיק } ביסס.

די נאנצע וועלט איז א חלום
אלעס איז הבל הבלים
וואס האט דער מענש גאר
ער לעבט 70 יאהר ביסס.
אם אלער ענדע שטארבט ער א נאר.

II.

פערטראנקען פעראומגליקט פיעל ארמע לייט
וואס מען האט איבעראל געהערט אונ געזעהען
אויף וועלכע עס איז יעצט אזא ביטערע צייט
וואס טהון פאר הונגער אויסגעהען
אוים מיטלייד דיא ארמע צו אונטערשטיטצען
וועלכע דראהט הונגער אונד נויטה
האט מען געזעהען וויא ווייט זייא צו ערשטיקען
און פערטהייערט דאס שטיקעלע ברויט. ביסס.
די גאנצע וועלט א. ז. וו.

III.

א וועלטעלע א קליינס האט אונז גאט געשאפען
א קאמפף איז דארין וויא אויף א שלאכטפעלד
דיא מענשעלעך דראפען זיך דארט וויא דיא אפען
יעדער שלאגט זיך און זוכט דעם וועג פון געלד
אזוי וויא אויף לייטערלעך טהון דיא מענשעלעך ארומקריעכען
איינער וויל פון דעם צווייטען העכער זיין
און אז ער שטעהט שוין אויף דער העכסטער שטופע
הערט ער איינע שטימע רופען ביסס.
מענשעלע קום שוין אהיים
זייא פערגעסען אז די וועלט איז א חלום א. ז. וו.

(אויפטריט מאמאן, זינגט)

I.

לעב מענש לעב געניעס דיא וועלט
רייך ביזט דוא שטארק און זאט



פון זייערע שמערצען לאך דיך אויס
וואס שפעטער וועט זיין לאך דיך אויס.

II.

דיא ארבייט לאז איין אנדערען צו
דוא זיטץ רוהיג אין דיין הויז
איבער דיינע שקלאווען הערר ביזט דוא
פון זייערע טרענען לאך דיך אויס.

(זמרי אב מיט מאמאן, גבריאל וויל נאך, מאמאן ווארפט איהם אראב פון דיא שטיעגען, ער בלייבט ליעגען, אויפטריט יונה, רחלע).

יונה: רחלע האסט געזעהען?

רחל: נעבּיך איך האב רחמנות אויף דעם קליינעם גבריאליקעל.

יונה: זעהסט דוא רחלע אז אויף גבריאליקעל האבען מיר ניט וואס צו האפען, ער איז טאקי א וואהל יונגעלע, א גוט יונגעלע, אבער מיט זיין וואהלקייט און גוטסקייט קען ער אונז העלפען קרעכצען, וועהרענד דער לאנגער סאמועל וואס הייסט דער שלעכטער וויל דאך מיט מיר מאכען א געשעפט און גיט מיר מזומן.

רחל: גבריאליקעל זאגט דאך אז דאס מזומן שאט.

יונה: מזומן שאט נאר ווען עס איז נישטא, דוא זעהסט דאך, לאז מיך מאכען א געשעפט מיט דעם לאנגען.

רחל: איך ווייס? אפשר האסט דוא רעכט.

יונה: געוויס האב איך רעכט, קום לאמיר איהם זוכען דעם לאנגען.
(לאזען זיך געהען)

גבריאל: האלט! דיעזע שוועלע זאלט איהר ניט איבערטרעטען.

יונה: גבריאליקעל דוא ביזט דא קיין בעל-בית ניט, מיינסט איך האב ניט געזעהן ווען מען האט דיך אראב געווארפען פון אלע טרעפ.

גבריאל: האבט איהר זא שנעל שאן מיינע גוטע ווארטע פערגעסען?

יונה: וואס טויג מיר דיינע גוטע ווערטער, דוא ביזט פאר אונז א טרוקענער בעל טובה'ניק, מיר דארפען האבען מזומן.

גבריאל: אויך דוא גוטע רחלע האסט זא שנעל דיינע מיינונג געענדערט?

רחל: איך וואלט נאר געוואלט בעקומען דיא 100 שקלים, ווען ניט מוז איך נאך זיין 3 יאהר א שקלאוין.

יונה: 3 יָאהְר צו וַוארְטֶען, בִּין אִיךְ מֶעהְר ווִיא אַ בָּשָׂר וָדָם? נָאר וָואס טַעֲנֶה אִיךְ מִיט דִיר? גַבְרִיאֵלִיקֶעל דוּא בִּיזְט נָאךְ אַ קִינְד, דוּא פֶערְשְׁטֶעהְסְט נָאךְ גָאר נִיט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען.

רחל: אִיךְ הָאבּ מַיין יוֹנָה אַזוֹי לִיעבּ אַז מַיין הֶערְץ אִיז מִיר פוּל.

יונה: אוּנ מַיין הֶערְץ אִיז אִיבֶּערְפוּל, אִיךְ בִּין אַזוֹי אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט לִיעבֶּע אַז אִיךְ וֶוער שִׁיעֶר צוּוֶעצְט.

גבריאל: הַאבְּט נוּר גֶעדוּלְד מַיינֶע לִיעבֶּע קִינְדֶער, אַלֶעס ווִירְד זִיךְ שָׁאן צוּם גוּטֶען עֶנְדִיגֶען, יֶעצְט וֶועל אִיךְ אֵייךְ גֶעבֶּען אֵיין בַּיישְׁפִּיעל ווִיא אַזוֹי מֶען דַארְף לֶעבֶּען אוֹיף דֶער וֶועלְט. (זינגט)

I.

וֶוער עֶס הֵייסְט אַ חָכָם אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט עֶס הֶערֶען
זָא לַאס דִיר פְרֵיינְד פָאן מִיר דַאס עֶרְקְלֶעהְרֶען
פַאר דֵיינֶע טְהַאט, פְרַאגֶע אוּם אֵיינֶען רַאטְה
בַּייא פִיעלֶע מֶענֶער, סַאי גְרֶעסֶער סַאי קְלֶענֶער. (ביסס)

II.

וֶוער עֶס הֵייסְט אַ גִבּוֹר אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט עֶס הֶערֶען
זָא לַאס דִיר פְרֵיינְד פָאן מִיר דַאס עֶרְקְלֶעהְרֶען
וֶועהְם עֶס גֶעלִינְגְט, דַאס עֶר בֶּעצְווִינְגְט
מִיט אַלֶער קְרַאפְט, זַיינֶע לֵיידֶענְשַׁאפְט. (ביסס)

III.

וֶוער עֶס הֵייסְט אֵיין עוֹשֶׁר אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט עֶס הֶערֶען
זָא לַאס דִיר פְרֵיינְד פָאן מִיר דַאס עֶרְקְלֶעהְרֶען
וַואס דִיר אִיז בֶּעשִׁיעדֶען, זַייא אִימֶער צוּפְרִיעדֶען
פָאן דַיין אַרְבַּייט גֶענִיעס, דַאס שְׁמֶעקְט זִיעס. (ביסס)

אלע: יְגִיעַ כַּפֶּיךָ כִּי תֹאכֵל אַשְׁרֶיךָ וְטוֹב לָךְ.

(יונה מיט רחלע שלאָפען איין אויף גראזבאנק, עס ווירד פינסטער)

גבריאל: גוּטֶע זִיעסֶע טְרֵיימֶע, עֶרְשֵׁיינְט אוּנְד עֶרְקְווִיקְט דִיעזֶע 2 אַרְמֶע אוּמְשׁוּלְדִיגֶע זֶעעלֶען, אוּנְד דוּא הִימְלִישֶׁעס וֶועזֶען דֶער טְרֵייסְט אַלֶער



אוּמְגְלִיקְלִיכֶען, בֶּעפְרֵייעֶר אַלֶער זָארְגֶען אוּנְד קוּמֶער, דוּא גוּטֶער עֶנְגֶעל פָאם שְׁלַאף, אִיךְ בֶּעשְׁוֶועהְרֶע דִיךְ וַויכֶע דִיעזֶע, פֶּערְלַאסְט, פֶערְשְׁווִינְדֶע פָאן הִיער! אוֹיף אִימֶער גֶעה!

פערוואנדלונג

(הימעל, ענגעל, ענגעל פאם שלאף ויף דעם האלב מאנד פערשווינדעט, ענגעל קאָהר)

יְגִיעַ כַּפֶּיךָ כִּי תֹאכֵל אַשְׁרֶיךָ וְטוֹב לָךְ.

(פ אָ ר ה אַ נ ג.)

(ענדע דעם צווייטען אַקטעס.)

# אַקט III.

(פרייער פלאטץ, אויפטריט זמרי)

זמרי: (זיפצט) אומזאנסט, קיין שלאף ערקוויקט מיינע אויגען, אומזאנסט מארטערע איך מיינעם קערפער מיט יאגען אונד נאך אנדערע אנשטרענגונגען אום מיינע גליעדער צו ערמידען, עס הילפט ניכטס, פערשוואונדען איזט פאן מיר דער שלאף, פערשוואונדען וויא נור דורך צויבער. — ניכט שלאפען צו קענען? איך דער רייכסטער מאן אין דער וועלט וואס קאן מיר מיין אונגעהייערעס רייכטהום ניכט פערשאפען? יעדע לוסט, יעדען גענוס, יעדען וואונש, אונד זא איינע דומהייט, זא איינע קליינינקייט וויא דער שלאף, וואס קיינעם בעטלער פעהלט, זאל מיר פעהלען? זא בין איך דאך נאך ארמער אלס איין בעטלער.

(אויפטריט מאמאן פערקליידעט אלס עגיפטישער וואהרזאגער)

מאמאן: פערצייהע גראסער העררר, מיט געלד קאן מאן אלעס ערלייכען.

זמרי: ווער ביזט דוא?

מאמאן: איך בין איין עגיפטישער וואהרזאגער, ווען דער גראסער העררר וויל מיר זיינע רעכטע האנד ערלויבען זא בין איך איםשטאנדע דיינע פערגאנגענהייט וויא אויך דיינע צוקונפט דארויס צו לעזען.

זמרי: פיעלייכט קאן מיר דער העלפען, היער! דא האסט דוא מיינע האנד אונד צייגע מיר דיינע קונסט.

מאמאן: (זינגט) אך גליקליכער מענש דיין בעשיטצער איזט נור גאט מאמאן אליין
די גרעסטע שעטצע דיעזער וועלט די זינד נור אלע דיין
צוריק מיט פיעלע יאהרען איזט ער דיר אים טרוים ערשיענען
געשוואהרען האסט דוא איהם פייערליך צו דיענען
רעד איך וואהר?

זמרי: וויא זאנדערבאר!



מאמאן: וואס זעה איך? דיין שלאף איזט פאן דיר זייט איינער קורצען צייט וועק, דאך ניכט געזארגט, עס גיעבט דאצו איין מיטעל.

זמרי: שפריך.

מאמאן: איינע קליינינקייט.

זמרי: שפריך.

מאמאן: איינע קליינינקייט.

זמרי: שפריך.

מאמאן: אוים דער ברוסט איינעם שקלאווען יוגענדליכער קראפט
נים דרייא טראפפען בלוט אונד מיש עס מיט טרויבענזאפט
טרינקע איינען בעכער פאל קיין טראפפען לאס צוריק
אונד דיין פערלארענער שלאף קאמט וויעדער צו דיר אים אויגענבליק

זמרי: יא קלוגער מאן איך טהוע וואס דוא האסט געראטהען מיר
היער האסט דוא דאס פיר דיינע מיהע איך דאנקע דיר. (אב)

מאמאן: דוא יצר טוב דענקסט דוא דיעזעם אפפער מיר צו ענטרייסען מיט געוואלד
אבער ווער פאן אונז ביידע איזט שטערקער זעהען וועלען מיר דאס באלד. (אב)

(אויפטריט זמרי)

זמרי: (פראזע) ענדליך האבע איך דאך איין מיטעל בעקאמען, געלד אלמעכטיגעס געלד זא האבע איך אלעס נור דיר צו פערדאנקען, אלעס זאגאר דעם שלאף, יא איך ווערדע געבען געלד זא פיעל מאן ווירד פערלאנגען, עס ווירד זיך שאן פינדען איין ארמער טייפעל וועלכער ווירד מיר פיר געלד דרייא טראפפען בלוט פאן זיין הערץ געבען.

(אויפטריט יונה פערסאפעט)

יונה: אדוני שני למלך, איך בין געוועזען ביי דיר אין פאלאסט האט מען מיר געזאגט אז דוא ביזט אויף דער יאגד בין איך אהער געלאפען אונ זעהר גוט וואס איך האב דיך געטראפען, אט פאל איך דיר צו די פים אונ שרייא אוים בקול רם אדוני שני למלך — אוי וועה געוואלד!

זמרי: ווער ביזט דוא, וואס ווילסט דוא?

**יונה:** איך בין יונה און וויל רחלע.

**זמרי:** ווער ביזט דוא?

**יונה:** יונה.

**זמרי:** אונד וואס ווילסט דוא?

**יונה:** רחלען.

**זמרי:** שפּריך דייטליך.

**יונה:** פערשטעהסט דוא מיך אדוני שני למלך, איך בין איינער פון דיינע שעפער און הייס מיט מיין נאמען יונה, רחלע איז איינע פון דיינע שקלאווינען מיט דעם נאמען רחלע, און דיא רחלע האט מיך ליעב יונה'לע, יעצט וויל איך אז דוא זאלסט זיא בעפרייען כדי איך יונה'לע זאל קענען חתונה האבען מיט רחלען און דאפיר אדוני שני למלך וועל איך דיר צוטהיילען אזוי פיעל כבוד וואס דוא האסט נאך נים געהאט זייט דוא לעבסט, איך גיעב דיר הערוים כתוב וחתום געשריעבען און געחתמעט אז דער ערשטער זוהן וואס וועט איי״ד ביי מיר געבוירען ווערען גיעב איך איהם א נאמען נאך דיר.

**זמרי:** קאם הער! זאגע נור קאנסט דוא שלאפען?

**יונה:** שלאפען צי איך קען? הא! א! א!

**זמרי:** אנטווארטע דייטליך, איזט דיין שלאף גוט געזונד?

**יונה:** געזונד וויא א העלפאנט.

**זמרי:** דוא ביזט ארם ניכט וואהר?

**יונה:** ווען איך זאל ניט זיין א קבצן וואלט איך דאך ניט געוואלט דיין פּנים אנקוקען.

**זמרי:** וואס האסט דוא געזאגט שקלאווע?

**יונה:** וועה איז מיר אדוני שני למלך, איך בין ניט שולדיג, עס האט זיך מיר אומגערן ארויסגעהאפּט, איך האב ניכט חלילה געוואלט דיך בעליידיגען, איך האב נאר געוואלט זאגען אז ווען איך זאל ניכט זיין אזוי ארם וואלט איך אין דיינע ד׳ אמות ניכט געוואלט שטעהען.

**זמרי:** ווארום שקלאווע?

**יונה:** שוין וויעדער ניט גוט.... איך האב ניט קיין שעהן לשון אין מיר איך מיין בלוים אז ווען איך זאל ניט זיין אזא קבצן... וואלט איך



גאר ניכט געוואלט מיט דיר רעדען.... שוין וויעדער שלעכט – איך מיין נור אז איך.... יונה האלט דעם פּיסק. (האלט צו דאס מויל)

**זמרי:** (אפארט) איין דומקאפּף דעסטא בעסער.... קאם הער שרעק דיך ניכט, דוא זאלסט מיר אלעס פריי אנטווארטען, אלזא דוא ווינשט איך זאל דיר דיינע געליעבטע רחלע פריי לאסען, יא?

**יונה:** אדוני שני למלך, דיא וועלט זאגט אויף דיר אז דוא ביזט א שלעכטער, בייזער מענש, א רשע, א הונד.... א.....

**זמרי:** שווייגע! איך פראגע דיך ניכט וואס דיא וועלט זאגט, דוא בעאנטווארטע יעדע מיינער פראגען, אבער קורץ יא אדער ניין, אלזא דוא ווילסט דיינע רחלע פרייא?

**יונה:** איך........ וויל........

**זמרי:** אונד זא באלד זיא איזט פרייא ווילסט דוא זיא הייראטען?

**יונה:** אוי געוואלד איך ווילללל!

**זמרי:** אבער דוא ביזט יא ארם, ווען דוא זיא הייראטעסט מוסט דוא דאך געלד האבען אום אייך ערנעהרען צו קענען, ווילסט דוא אויך געלד?

**יונה:** נוא נוא אדרבה!!!

**זמרי:** אלזא וואס העטעסט דוא געזאגט ווען איך גיעב דיר דיינע רחלע פרייא אונד דאצו נאך געלד?

**יונה:** וואס איך וואלט געזאגט? אדוני שני למלך א סך רעדען האב איך מורא עס זאל זיך וויעדער ביי מיר ניט ארויסכאפּען וואס פאר א טהייערע מציאה דוא ביזט, דארום וועל איך דיר ענטפערען קורץ און שארף, אדוני שני למלך דוא גיעב און איך נעם מיטביידע ידים.

**זמרי:** אבער דוא זאלסט ניכט דענקען דאס איך שענקע עס דיר, איך וויל דיר נור דאמיט בעצאהלען פיר עטוואס וואס איך ביי דיר קויפען וויל.

**יונה:** קויפען? ביי מיר קויפען? וואס איך טראג אויף מיר איז מיין גאנץ פערמעגען, ווילסט דוא מיינע מלבושי כבוד קויפען מזל מיט ברכה.
(וויל זיך אויסטהון)

**זמרי:** וואס טהוסט דוא דוא דומקאפּף?

**יונה:** וואס נישט מיינע מלבושי כבוד ווילסט דוא ביי מיר קויפען? עפּים אנדערש פע׳מאג איך נישט.

זמרי: הֶערֶע דוּא הַאסְט מִיר גֶעזָאגְט דַאס דַיין שְׁלַאף אִיזְט גוּט גֶעזוּנְד, דַאס וִויל אִיךְ בַּייא דִיר קוֹיפֶען.

יונה: וָואס ווִילְסְט דוּא בַּייא מִיר קוֹיפֶען?

זמרי: דַיין שְׁלַאף!

יונה: נַיין, וָואס?

זמרי: (בעז) דַיינֶען שְׁלַאף!

יונה: מַיין שְׁלָאף? חַ חַ חַ חַ חַ! נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ נָאר עֶר אִיז מְשׁוּגָע גֶעוָוארֶען.

זמרי: נוּן וַוארוּם לַאכְסְט דוּא שְׁקְלַאוֶוע? זַאגֶע, פֶערְקוֹיפְסְט דוּא אָדער נִיכְט? (יונה קאן זיך ניט איינהאלטען) אַלְזָא וִויפִיעל פֶערְלַאנְגְסְט דוּא? בִּיזְט דוּא צוּפְרִיעדֶען וַאן אִיךְ דִיר גִיעב 1000 שְׁקָלִים?

יונה: טוֹי.... טוֹיזֶענְד שְׁקָלִים? חַ חַ חַ חַ! טוֹיזֶענְד שְׁקָלִים? הַ חַ חַ חַ!

זמרי: וִוירְסְט דוּא אַמַאל אוֹיפְהֶערֶען מִיט דֶעם דוּמֶען לַאכֶען, וֶוען דוּא דַאמִיט נִיכְט צוּפְרִיעדֶען בִּיזְט זָא זַאגֶע פְרֵייא הֶערוֹיס — בִּיזְט דוּא צוּפְרִיעדֶען מִיט 2000?

יונה: צְוֵוייא.... צְוֵוייא טוֹיזֶענְד? חַ חַ חַ! אוֹי מַיין בּוֹיךְ, אוֹי מַיינֶע קִישְׁקֶעס, גֶעוַואלְד!

זמרי: אַלְזָא אִיךְ גֶעבֶּע 5000!

יונה: פִּינְף... 5000 (פאלט פאר לאכען) אוֹי אִיךְ שְׁטַארְבּ!

זמרי: (הייבט פיס אויף איהם) שְׁקְלַאוֶוע!

יונה: אֲדוֹנִי שֵׁנִי לְמֶלֶךְ לָאז מִיךְ אוֹיסְלַאכֶען אַז נִיכְט וֶוער אִיךְ צֶער־טְרַאסְקֶעט.

זמרי: אָבֶּער לַאכֶען וַוארוּם? זַאגֶע וִויפִיעל וִוילְסְט דוּא? אַלְזָא אֵיינְמַאל פִיר אַלֶע מַאל בִּיזְט דוּא צוּפְרִיעדֶען מִיט 10,000? (יונה לאכט, שאָקעלט מיט דעם קאָפף יאָ) עֶנְדְלִיךְ דוּא אַרְמֶער נַאר, וַאן דוּא פִיהְלֶען וִוירְסְט וַואס עֶס הֵייסְט נִיכְט שְׁלַאפֶען קֶענֶען וִוירְד דִיר שָׁאן דִיא לוּסְט פָאן לַאכֶען פֶערְגֶעהֶען, קָאמֶע אִין מַיין פַּאלַאסְט. (אַב)

יונה: אוֹי מַיינֶע זַייטֶען! אִיךְ הָאבּ גֶעלַאכְט אוּנ עֶר הָאט גֶעשְׁטִיעגֶען מִיט טוֹיזֶענְדֶער! חַ חַ חַ חַ! וֶוען אִיךְ לַאךְ נָאךְ וַוייטֶער וָואלְט עֶר מִיר גֶעוֶוען זַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגֶען אַוֶועקְגֶעגֶעבֶען, אִיזְט דָאךְ טַאקִי דִיא פְרַאגֶע וָוארוּם הָאבּ אִיךְ נִיט וַוייטֶער גֶעלַאכְט? אַז עֶר אִיז מְשׁוּגָע אוּנ גִיעבְּט



פַאר וָואס זָאל אִיךְ נִיט זַיין קְלוּג אוּנ נֶעמֶען? שַׁא, עֶס אִיז דָא אַ פְּלַאן וִויא אַזוֹי נָאךְ גֶעלְד צוּ נֶעמֶען! 10,000 גִיט עֶר מִיר פַאר דֶעם שְׁלָאף! אָבֶער עֶר הָאט דָאךְ מִיט מִיר נִיט גֶערֶעדְט וֶועגֶען דִיא אַרְטִיקְלֶען וָואס גֶעהֶערֶען צוּם שְׁלָאף, צוּ גֶענִיצֶען אִין מִיטֶען שְׁלָאף, צוּ חְרָאפֶּען, צוּ פַייפֶען מִיט דֶער נָאז אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע אַרְטִיקְלֶען, אוּנ אַיין אַרְטִיקֶעל אָהְן דֶעם אַנְדֶערֶען פֶערְקוֹיף אִיךְ נִישְׁט, אוּנ פַאר אַ יֶעדֶען אַרְטִיקֶעל וִויל אִיךְ עֶקְסְטְרַא גֶעלְד, אַ כְּלַל מִיר הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט אַ שְׁמַאלְץ גְרוּבּ.

I.

אַזוֹי דַארְף מֶען הַאנְדְלֶען מִיט אַזַא סוֹחֵר
וָואס נֶעמְט אָהְן רַחְמָנוּת פוּן לֶעבֶּעדִיג אוּנ טוֹיט
הָאט גֶעטְרָאפֶען יוֹנָה פַאר אַ מוֹכֵר
וָואס וֶועט אָהְן רַחְמָנוּת שִׁינְדֶען פוּן דִיר דִיא הוֹיט
דוּא בִּיזְט דֶער גְרֶעסְטֶער עוֹשֶׁר דֶער וֶועלְט
אוּנ דָאךְ מוּזְט דוּא צוּ מִיר אָנְקוּמֶען
דִיר פֶעהְלְט שְׁלָאף אוּנ מִיר פֶעהְלְט גֶעלְד
ווִילְסְט דוּא דִיךְ בַּייטֶען אַרוֹיס מִיט מְזוּמָן
אוֹי מְזוּמָן! בִּים בִּים בִּים בִּים בִּים בִּים בִּים
מְזוּמָן בִּי בִּי בִּי בִּי בַּאם

II.

צוּ אַ צַדִיק אַ גְרוֹיסֶען אַזוֹי הֵיילִיג אוּנ פְרוּם
לוֹיפֶען מֶענְשֶׁען אַלֶע פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין
עֶר דֶערְצֶעהְלְט זֵייא בְּנֶאֱמָנוּת זֵייא גְלֵייבֶען אִיהְם
דָאס עֶר רֶעדְט מִיט גָאט בָּרוּךְ הוּא אַלֵיין
דָאךְ וֶוען אִיהְר ווִילְט ווִיסֶען פוּן דֶעם סוֹד
קוּקְט אַייךְ צוּ צוּ זַיין פָּנִים דֶעם פְרוּמֶען
מִיט זַיינֶע בֵּיידֶע עֵינַיִם ווִינְקְט עֶר צוּם הִימֶעל
אוּנ מִיט בֵּיידֶע יָדַיִם חַאפְּט עֶר דָאס מְזוּמָן
אוֹי מְזוּמָן א. ז. וו.

III.

דארט זעהט איהר וויא איינער שטעהט אונ דרשע'ט א סך
וועהל איהם פאר איין עלסטען שרייט ער מיט א קול
איך מיין ניט עפים אנדערש וויא טובת הכלל
בראוואָ פלעסקען אלע מיט דיא הענד
וועהלט איהם דעם בעל טובה'ניק גיבט איהם אייערע שטימען
אונ שפעטער האט ער קיינעם ניט דערקענט
ווילט איהר פון איהם א טובה אזוי קומט ארוים מיט דעם מזומן
אוי מזומן א. ז. וו. (אב)

## פערוואנדלונג

(זאאל, דער צוטריט מיט מארמאר זיילען, אם הינטערגרונד איין רייכער פארהאנג, בייא דער זייטע איין רייכער טירקישער דיוואן, אויפטריט פאזשען מיט הארפען, זמרי).

**פאזשען:** שלומערע זאנפט גוטע נאכט
שלאפע וואהל ביז דער מארגען ערוואכט
שליעסע דיינע אויגען מידע צו
געניעסע דעם שלאף אנגענעהמע רוה (רוהע זאנפט)
גוטע נאכט. (אב)

**זמרי:** (פראזע) דיעזער בעכער ווירד מיר איינע גוטע נאכט פערשאפען איך האבע גענויא זא געטהאן וויא דער עגיפטישער וואהרזאגער האט מיר געראטהען, דרייא טראפפען בלוט געמישט מיט וויין, דאס אויסטרינקען אונד איך בעקאמע וויעדער מיין פערלארענעם שלאף נון אויף מיינער געזונדהייט (טרינקט) זא! מענשען-בלוט געטרונקען דאס שמעקט אויסגעצייכנעט, יא איך פיהלע איהם קאמען, דער זיעס ערקוויקענדער שלאף קאמט ענדליך, וויא מיינע געדאנקען זיך קרייצען זא צערפליעסען שווינדעל, ווילקאמען ערקוויקענדער שלאף... גוטע נאכט. (שלאפט איין)

(אויפטריט גבריאל)

**גבריאל:** זמרי!

**זמרי:** ווער רופט, ווער וואגט עס מיך צו שטערען?

**גבריאל:** איך בין עס דיין געוויסען.



**זמרי:** ווארום שטערסט דוא מיין שלאף?

**גבריאל:** איזט עס דיין איינגנער שלאף?

**זמרי:** מיינען אייגענעם האבע איך פערלארען זא האבע איך מיר פיר געלד פרעמדען שלאף געקויפט.

**גבריאל:** ניין נישט געקויפט האסט דוא איהם נור גערויבט, בלוטזויגער, טויזענדער שקלאווען ארבייטען מיט דעם בלוטיגען שוויים אום דיך רייך צו מאכען ביזט דוא נאך אימער ניכט זאט? דער איינציגער אונד לעצטער טרייסט דעם מענשען איזט דער שלאף אונד אויך דאס רויבסט דוא איהם וועק? זא זאל דיעזער גערויבטער שלאף דיך נישט ערקוויקען נור מארטערן, אלע פוריען דער העלע צו וועלכע דוא האסט דיך פערקויפט זאלען דיר דיין גאנצעם לעבען אין שרעקליכע בילדער מאהלען, דיינע שטירנע זאל זיך נעטצען אין דיא בלוטיגע טרעהנען פאן דיינע אונצעהליגע אפפער, דאס יאמער געשרייא פאן דיינע אויסגעהונגערטע שקלאווען זאלען דיר אימער-וועהרענד קלינגען אין דיינע אויערען, וועה דיר! וועה דיר! בלוט-זויגער! בלוט זויגער! (אב)

**זמרי:** ניין איך וויל ניכט שלאפען, וועקט מיך מיינע אויגען ברעכען, איך בין פערדאמט צו שלאפען אונד צו טריימען.

(אויפטריט יוגענד, מעדכען)

**אלע:** שוועסטערלעך זייט צום אבשיעד בערייט
שוועסטערלעך שנעל עס בריכט אוים דיא צייט
צום לעצטען מאל נאך אין דיעזען הויז
פיר אימער אדיע פארוועררטם הינוים.

**זמרי:** (זעצט זיך, פראזע) וואס איז דאס פיר איינע ערשיינונג?

**יוגענד:** נון ברודער זמרי! ווארום בליקסט דוא אויף מיך זא פרעמד, קענסט דוא מיך ניכט?

**זמרי:** ניין שעהנעם קינד איך קענע דיך ניכט.

**יוגענד:** דאס איזט ניכט וואהר, דוא קענסט מיך זעהר גוט, וויר זינד יא צוזאמען געבארען.

**זמרי:** וויר ביידע זינד צוזאמען געבארען?

**יוגענד:** געוויס, וויר זינד צוזאמען אויפגעוואקסען, מיט מיר צוזאמען ביזט דוא איבעראל געוועזען אלעס מיט געמאכט.

**זמרי:** זא זאגע דאך אמאל ווער ביזט דוא?

**יוגענד:** איך בין דיא יוגענד.

**זמרי:** דוא ביזט דיא יוגענד?

**יוגענד:** יא! אונד דיא אלע זינד מיינע שוועסטערן וועלכע מיך בעגלייטען, (צייגט אויף מעדכע) ליעבע, לוסט, פריידע, קראפט, אונד זא ווייטער אונד זא ווייטער.

**זמרי:** אך זיעסע קינדער זייט מיר טויזענד מאל ווילקאמען אין מיינעם הויזע, קאמט הער! לאסט אייך אומארמען.

**יוגענד:** ניין ניין ברודערכען, ניכט דעסוועגען זינד וויר הערגעקאמען, דער צוועק פאן אונזער בעזוך איזט אום פאן דיר אבשיעד צו נעהמען.

**זמרי:** זיעסע שעהנע יוגענד, ווילכט דוא שאן פאן מיר אבשיעד נעהמען? ווארום זא פריה?

**יוגענד:** זעם איזט דיינע שולד, דוא זעלבסט האסט יא מיך פאן דיר פערשטאסען.

**זמרי:** איך?

**יוגענד:** דיינע ארט אונד וויזע וויא דוא לעבסט האט מיך יעדעס מאל פאן דיר ערוויטערט ביז איך דיך ענדליך גענצליך פערלאסען מוס. יא מיין פריינד איך בין זעהר איין פערצערטעלטעס קינד, ווער עס וויל איך זאל ביי איהם ווייטער פערבלייבען מוס מיט מיר זעהר פארזיכטיג אומגעהען, מיך היטען וויא דאס אויגע אים קאפף, אבער ווען מאן מיך פערנאכלעסיגט, מיך ניכט געהעריג בעהאנדעלט, זא נעהמע איך מיר מיינע שוועסטערכען אונד זאגע אדיע פיר אימער.

**זמרי:** פיר אימער?

**יוגענד:** יאוואהל פיר אימער! ווען איך פארט געהע זיעהסט דוא מיך ניע מעהר וויעדער.

**זמרי:** הערע מיך שעהנעס קינד, איך בין דער רייכסטער מאן אין דער וועלט, איך געבע דיר איין הויפען גאלד בלייבע נאך ווייטער ביי מיר.



**יוגענד:** דוא נארישער מענש דיא יוגענד ווילסט דוא מיט גאלד קויפען? וואס זאגט איהר דאצו שוועסטערכען?

**אלע:** חחחחחח!

**זמרי:** זא ביטע איך דיך, איך יאמערע פאר דיר, פערלאס מיך ניכט זא פריה, בלייבע שענע ליעבע יוגענד, בלייבע נאך ווייטער ביי מיר!

**יוגענד:** אומזאנסט, מיינע עלטערע שוועסטער שטעהט שאן מיט אונז געדולד ביי דיינער טהירע אונד ווארטעט נור אויף דעם אויגענבליק איך זאל הינויס זא קאמט זיא באלד הערייז.

**זמרי:** ווער איזט דען דיינע עלטערע שוועסטער?

**יוגענד:** דאס אלטער!

**זמרי:** זיא וויל איך אין מיינעם הויזע ניכט הערייזלאסען.

**יוגענד:** נוא נוא דוא ווירסט שאן בעסער ווערדען, זיא קאמט אונגעבעטען, נון שוועסטערלעך דיא צייט דרענגט מיך פאן היער הינויס, נעהמען וויר אבשיעד.

**זמרי:** (זינגט) זיעסע יוגענד געה נאך ניכט וועק פאן היער.

**יוגענד:** (זינגט) מיך דרענגט דיא צייט, פארט פאן היער פארט מוס איך איין אויגענבליק, איך געהע אונד קאמע ניעמעהר צוריק.

**זמרי:** בלייבע בלייבע.

**יוגענד:** אומזאנסט שיינט דיא זאנע נאך זא שען דאך ענדליך מוס זיא אונטערגעהען.

**קאהר:** שיינט דיא זאנע א. ז. וו. (בים) שוועסטערלעך (אב)

**כאהר:** (אונטער דיא קוליסען) אויף אויף אויף מאכט שוין אויף דיא טהיר
אויף מיט דער עלטער זענען מיר
מאך אויף מאך אויף מאך אויף

(ערשיינט דאס אלטער מיט 6 אלטע)

ברוך ניעניענע הבא ניעניענע דיא אלטע מאמעניו מאמעניו
דא וועלען מיר שוין זיין
ביז אין טויט אריין. (ניעסען, געהען צו)

**אלטער:** לאנגזאם! לאנגזאם! אך מיינע אלטע ביינער! נון זמרי מיין ליעבער פריינד, ענדליך בין איך ביי דיר, אוי איך האב מיך קוים צו דיר פערשלעפט.

**זמרי:** ווער האט דיך געבעטען? וועק פאן מיר, איך קאן דיין העסליך געזיכט ניכט ליידען.

**אלטער:** דוא א זיס פנים! ווייסט דוא צו וועמען דוא רעדסט? איך בין דאך דיא עלטער, איך האב געטאג געוואורט איך זאל פטור ווערען פון דאנען מיין יונגערע שוועסטער כדי איך זאל שוין אמאל ווערען דיין גאסט. אך וויא פערהאסט מיר איז דאס שוועסטערל מיינס דיא יוגענד, טאג אונ נאכט איז זיא נור לוסטיג אונ פרעהליך, זיא האט נאר ליעב טאנצען אונ שפרינגען אונ צו האפקען, איך קאן עס ניט ליידען.

**זמרי:** זיעסע יוגענד ווא ביזט דוא?

**אלטער:** אה אה אה זיא איזט שוין שהלכה לעולמה, דערפאר בין איך דאך אבער דא, איך וועל שוין שטענדיג זיין מיט דיר ביז אין דיין טויט אריין, קאם פריינד צו מיין הערץ. (אומארמט איהם)

**זמרי:** אה וועה! עס ווירד מיר קאלט, איך פיהלע וויא איין פראסט אי מיינע גליעדער.

**אלטער:** נוא וואס דען, אויף דער עלטער ווערט מען קעלטער.

**זמרי:** וויין! וויין וויל איך, איך וויל מיך ערווערמען.

**אלטער:** חלילה! עס ווירד דיר גאר בעסער ניט העלפען, חיביא קרייטיכצער, איין קאלטען האנדטוך, מילוטען מיט צוקוטען, אלע שעה איין עסלעפעל.

**זמרי:** עס ווירד מיר דונקיזיל, מיר שווינדעלט פאר דיא אויגען.

**אלטער:** נוא גאנץ נאטירליך וואס אלט איז ניט יונג, וואורט מיין פריינד, דאס איז נאך גאר נישט, ערשט נאכדעם וואס אלע מיינע קינדערלעך וועלען מיט דיר פריינדשאפט שליעסען, ערשט דאמאלס וועסט דוא וויסען וויא טהייער קארן גילט, קינדער קומט קומט וועל איך אייך פארשטעלען, זעהסט דוא דאס איז מיין בכור זאל לעבען, ער איז דער בעסטער פריעזער דער וועלט, ער וועט דיר יעדען טאג דיינע האארע פריעזערען, דאס ביז אין קורצער צייט וועסט דוא ווערען וויים וויא א טויב. דער דארט איז מיין צווייטער זאהן רעאמאטיזם, ער ווירד זיך בעשעפטיגען מיט דיינע הענד אונ פיס וועסט דוא דיך מחיה זיין, דער דריטער זאהן דארט הייסט מאגענפערדערבער,



מיין פירטער זאהן איז הארץ נאגעניש מיין פינפטער זאהן איז אויגענשווינדעל, אונ דער זעכסטער זאהן איז גליערערייסען, מיין זיעבעטער זאהן איז........

**זמרי:** גענוג גנוג צום טייפעל מיט אלע דיינע זעהנע.

**אלטער:** א זיס פנים, דרך ארץ!

**זמרי:** ווערדע איך פאן אייך ניע לאז ווערדען?

**אלטער:** דאס דארפסט דוא בעטען נאר מיין מזיניקיל, אז דוא וועסט בעקומען מיין מזיניקיל צו גאסט דאמאלס וועסט דוא פון אונז לאז ווערדען.

**זמרי:** ווער איז דאס מזיניקיל?

**אלטער:** מיין מזיניקיל איז דער וועלט בעריהמטער שוחט, וועל איך דיר איהם פארשטעלען, מזיניקיל דער מאמעס בעוויז דיך. (דונקעל)

(אויפטריט מאמאן אלס מלאך המות סקעלעט)

**מאמאן:** (זינגט) מענש דוא ביזט ביא דיר א גאנצער קעניג
מענש דיא גאנצע וועלט איז פאר דיר צו וועניג
דא קאמט דער שוחט אונ וועט מאכען חיק (ביס)
אונ פיער איילען אין דער ערד אריין אונ גענוג. (אב)

(דיא 6 מענער שטעלען זיך ארום זמריס געלעגער, וועהרענד דעם פריעזיערט מען איהם מיט א גרויער סעריקע אונ באָרד).

**קאהר:** שלום עליכם הערר שני למלך
דיין בעקאנטשאפט פרייעט אונז זעהר
שלום עליכם זינגען מיר פרייליך
דיך פערלאזען מיר נישט מעהר. (ביס) (אב)

**זמרי:** (פראזע) וועקט מיך איך וויל ניכט שלאפען, רופט מיינע טענצערס לאסט רוישען דיא מוזיק, גיעבט מיר וויין, איך וויל מיך בעטייבען, ווא זייט איהר אלע מיינע דיענער? אומזאנסט! (ער פאלט צוריק)

(תפורה עקיבא זיטצען אויף א שטיין)

**קאהר:** קורץ איזט דאס לעבען נאר וויא א חלום
דיא גאנצע וועלט איז הבל הבלים
דוא זאמעלסט פערמעגען וואס קומט ארויס
אין איין אויגענבליק איזט פאן דיר אוים.

(וועהרענד זייא זינגען שפריכט)

**זמרי:** עקיבא בלינדער עקיבא, דוא ווילסט מיך פאר דער וועלט צו שאנדע מאכען, אבער ניין, איך קען דיך ניכט, איך האבע דיך ניע געזעהען, דיעזעס מעדכען איזט מיר פרעמד, זיא איזט ניכט מיין קינד, ניין זאגע איך ניין!

(פארהאנג אם הינטערגרונד געהט אויף פריעדהאף, יוכבד ערשיינט פאם גראב מעהרערע טאדטע שקעלעטען ערשיינען)

**זמרי:** יוכבד מיינע פרויא גענוג גענוג, איך, איך קאן דיעזע מארטער ניכט ערטראגען, (ער פאלט) ערבארמען! ערבארמען!

**(פ א ר ה א נ ג).**

(ענדע דעם דריטען אקטעס).

---

ע

# IV. אקט.

(געגענד בויערע, שעפער, פאלק, יונה, רחלע, עקיבא)

**עקיבא:** שטעלט מיך אויף עפיס ארויף דאמיט יעדער זאל מיך זעהן, אלע זאלען מיך הערען. אויף א פעלז) אחי ורעי! וועהען קען איך אייך נישט, דערפאר איז אבער מיין געהער דאפפעלט שטערקער פיר אייערע זיפצער, יא איך האב גענוג געהערט וואס איהר ליידעט אונטער דעם שווערען יאך פאן דעם הערצלאזען שורקען פאן זמרי דעם שני למלך, אונטערשלאגענע געלדער פון יתומים אונד אלמנות דאס איז זיין רייכטהום, מיינע אויגען האבען צו זיינעם עשירות דאס ערסטע פונדאמענט געלעגט, אבער ווארום מיינע ברידער, ווארום זאלט איהר דען ווייטער זיפצען אונטער זא איינעם שווערען יאך? זייט איהר דען בהמות אייך בעגניגען צו לאסען מיט אביסעל גראז? איהר זייט דאך מענשען, אויף אלם מענשען פארדערט ראכע.

**קאהר:** (זינגט) צום קאמפף זייט אלע בערייט
אלע וויא איין מאן קעמפפען פיר דיא גערעכטיגקייט
קיינע שקלאווען מעהר
וויר אלע לעבען פרייא ניעדער מיט דיא פיינינגער
ניעדער ניעדער מיט דעם טיראן.

**עקיבא:** זא רייכט אייך אלע דיא הענד אונד שוועהרט.

**קאהר:** וויר שוועהרען וויר שוועהרען דא יעצט.

**עקיבא:** מוטהיג אונד טאפפער צו קעמפפען אלע וויא איין מאן
עם לעבע דיא גערעכטיגקייט
מוטהיג אונד טאפפער אלע וויא איין מאן.

**קאהר:** מוטהיג אונד א. ז. וו. (אלע אב אויסער יונה רחלע)

**יונה:** (פראזע) בלוט בלוט זאל זיך גיעסען וויא וואסער.

**רחל:** יונה'לע וואס שרייסט דוא אזוי?

**יונה:** בלוט שרייא איך.

רחל: צוּ וָואס טוֹיג דִיר בְּלוּט?

יונה: רָחֶלֶע לָאז מִיךְ, וֶועהסְט נִיט וִויא אִיךְ קְרַאנְק, אִיךְ וִויעד, אִיךְ שַׁארְפֶּע, לָאז מִיךְ רָחֶלֶע, לָאז מִיךְ גֶעהֶען הֶענְגֶען מֶענְשֶׁען.

רחל: וֶועה מִיר! הַרְגֶענֶען מֶענְשֶׁען? פַאר וָואס נָעבִּיךְ?

יונה: פַאר וָואס? אִיךְ מוּז!

רחל: אָבֶּער יוֹנָה׳לֶע!

יונה: רָחֶלֶע גֶעוַואלְד הַאלְט מִיךְ נִיט צוּ וֶועהסְט נִיט אַז אִין מַיינֶע אוֹיגֶען שְׁפְּרִיצֶען פִינְקֶען פַייעֶר, פוּן מַיינֶע נָאז לֶעבֶּער גֶעהְט אַ רוֹיךְ, רִיהְר דִיךְ נִיט צוּ צוּ מִיר, קֶענְסְט דִיךְ נָאךְ חָלִילָה אָבְּבְּרִיהֶען.

רחל: וָואס אִיז דִיר הַיינְט מֶעהְר וִויא תָּמִיד?

יונה: מַיין גְרִימְצָארֶען הָאט זִיךְ אִין מִיר צֶערְהִיצְט.

רחל: אוֹיף וֶועמֶען?

יונה: אוֹיף וֶועמֶען אַז נִיט אוֹיף דֶעם שֵׁנִי לְמֶלֶךְ? הָאסְט נִיט גֶעהֶערְט אַזוֹי וִויא דֶער בְּלִינְדֶער עֲקִיבָא הָאט גֶעדַרְשֶׁעט? אִיךְ וִויל אִיהְם נִישְׁט הָאבֶּען פַאר קַיין שֵׁנִי לְמֶלֶךְ, רָחֶלֶע עֶס וֶועט זִיךְ טְהוּן חוֹשֶׁךְ אִיךְ קֶעהְר אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אִיךְ בְּרֶען, אִיךְ שְׁטֶעךְ, אִיךְ שִׁיעס, אִיךְ שְׁנַייד, אִיךְ קוֹילֶע, אִיךְ הֶענְג, אִיךְ וִויל אִיהְם נִיט הָאבֶּען פַאר קַיין שֵׁנִי לְמֶלֶךְ.

רחל: נוּא זֶשֶׁע רֶעג דִיךְ נִיט אַזוֹי אוֹיף.

יונה: אִיךְ וִויל נִיט אוּנ וֶוען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט זָאל וֶועלֶען וִויל אִיךְ נִיט.

רחל: אִיז נִיט, אָבֶּער וָואס רֶעדְסְט דוּא פוּן הֶענְגֶען, הַרְגֶענֶען?

יונה: נוּא בְּקִיצוּר דִיר צוּלִיעבּ שֶׁענְק אִיךְ אִיהְם דָאס לֶעבֶּען אוּנ וַויים וִויא טְהַייעֶר דוּא בִּיזְט בַּייא מִיר.

רחל: יָא יָא דוּא הַאלְסְט אִין אֵיין שְׁרַייעֶן אַז אִיךְ בִּין בַּייא דִיר טְהַייעֶר אוּנ צוּם סוֹף לִיעגְט דִיר נָאךְ אִין זִינֶען נַארִישְׁקַייטֶען.

יונה: דָאס אִיז דָאךְ פָּאלִיטִיק!

רחל: וָואס טוֹיג מִיר פְרֶעמְדֶע דַאגוֹת אַז אִיךְ הָאבּ מַיינֶע אֵיינֶענֶע? יוֹנָה׳לֶע, פְרִיהֶער אֵיידֶער אִיךְ בִּין פְרַייא גֶעוָוארְדֶען הָאסְט דוּא נִיט גֶעקֶענְט אַיינְרוּהֶען, אוּנ יֶעצְט אַז אִיךְ בִּין ג. ז. ד. פְרַייא אוּנ דוּא הָאסְט נָאךְ גֶעלְד אוֹיךְ .....

יונה: נוּא?



רחל: נוּא!

יונה: וָואס נוּא?

רחל: דוּא וַוייסְט שׁוֹין וָואס!

יונה: אַ פַאר וָואס מִיר הָאבֶּען נִיט חֲתוּנָה?

רחל: נוּא!

יונה: נוּא נוּא!

רחל: וָואס נוּא נוּא?

יונה: נוּא הֵייסְט הַאלְבּ גֶעבְּרָאטֶען אוּנ אִיךְ בִּין גֶעבִּיךְ נוּא נוּא גַאנְץ גֶעבְּרָאטֶען.

רחל: אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה נִיט.

יונה: אִיךְ בִּין אָבְּגֶעבְּרָאטֶען אוּנ אָבְּגֶעבַּאקֶען, גֶעדֶענְקְסְט דוּא וֶוען אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבְּרַאכְט דִיא גוּטֶע בְּשׂוֹרָה אַז דוּא בִּיזְט פְרַייא אוּנ אִיךְ הָאבּ נָאךְ פוּן דֶעם שֵׁנִי לְמֶלֶךְ בֶּעקוּמֶען עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְדֶער פַאר מַיין שְׁלָאף וָואס עֶר הָאט מִיר אָבְּגֶענַארְט, אוּנ אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ נָאר מִיט אִיהְם אָבְּגֶעשְׁלָאסֶען דֶעם שְׁלָאף מִסְחָר אַזוֹי אִיז בַּאלְד דֶער שְׁלָאף אַוֶועק פוּן מִיר.

רחל: וֶועה מִיר, אַצוּנְד קֶענְסְט דוּא נִיט מֶעהְר שְׁלָאפֶען?

יונה: נִיט שְׁלָאפֶען, נִיט גֶענִיצֶען, נִיט חְרָאפֶּען, נִיט פַייפֶען מִיט דֶער נָאז, גָאר נִישְׁט אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען, אַוֶועק פוּן מִיר דֶער שְׁלָאף מִיט אַלֶע מְפָרְשִׁים.

רחל: וַוייסְט דוּא יוֹנָה׳לֶע פַאר וָואס דֶער שְׁלָאף אִיזְט פוּן דִיר וֶועק?

יונה: פַאר וָואס?

רחל: וַוייל דוּא הָאסְט דֶעם שֵׁנִי לְמֶלֶךְ׳ס גֶעלְד אוּנ דָאס אִיז נִיט קַיין עֶהְרְלִיכֶעס פֶערְדִיענְסְט.

יונה: יָא, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דָאךְ עֶס עֶהְרְלִיךְ פֶערְדִיענְט? עֶר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען 3 טְרָאפְּפֶען בְּלוּט פוּן מַיין הֶערְץ.

רחל: דָאס אַלֵיין אִיז אוֹיךְ נִיט עֶהְרְלִיךְ אַז דוּא פֶערְקוֹיפְסְט דַיין הַארְץ אוּנ בְּלוּט פַאר גֶעלְד, אִיז דָאס גֶעלְד טְהַייעֶרֶער פוּן דַיין לֶעבֶּען? הֶערֶע מִיךְ יוֹנָה׳לֶע, וִויפִיעל גֶעלְד הָאט עֶר דִיר גֶענֶעבֶּען?

יונה: אַ טוֹיזֶענְדֶער פַאר דֶעם שְׁלָאף, אַ טוֹיזֶענְדֶער פַאר דֶעם גֶענִיצֶען.

א טויזענדער פאר דעם חראפּען, א טויזענדער פאר דעם פייפען מיט דער נאז, ארום אונ ארום 10,000.

**רחל:** יעצט נעם דאס גאנצע געלד אונ צערטהייל צווישען ארמע וואס דער שני למלך האט זייא בעשווינדעלט, ניט איין פּרוטה פון דעם גאנצען געלד זאל דיר בלייבען, וועסט דוא זעהן וויא דוא וועסט צוריק בעקומען דעם שלאף.

**יונה:** רחלע ווייסט דוא ניט אפשר פון א בעסערע סגולה אז איך זאל קענען ווידער בעסער שלאפען אונ דאס מזומן זאל אויך בלייבען?

**רחל:** איך זעה שוין וואס פאר א ראלע עס שפּיעלט בייא דיר דאס מזומן, יונה'לע זאלסט וויסען אז איך האב דאס גאנצע צוטרויען צו דיר פערלארען, היינט פערקויפסט דוא דיין בלוט פיר געלד, מארגען קענסט דוא מיך אויך פערקויפען.

**יונה:** וועה מיר רחלע וואס האסט דוא געזאגט?

**רחל:** קורץ אונד גוט פאלג מיך, איך וויל זעהן צו בין איך בייא דיר טהייערער וויא דאס מזומן.

**יונה:** טהייערער אפילו פון מיין לעבען.

**רחל:** פאלגסט דוא מיך?

**יונה:** איך פאלג דיך.

**רחל:** אזוי ביזט דוא ווידער מיין גוט געטרייא יונה'לע.

**יונה:** רחלע איך דענק וואס וואלט געשאט אז איך וועל האלטען אין טהיילען דאס מזומן זאל איך מיך אליין אויך נישט פערטהיילען.

**רחל:** ניין קיין פרוטה זאלסט דוא דיר צוריקלאזען.

**יונה:** מיר זענען דאך אויך ארם.

**רחל:** ניין מיר זענען רייך, ווייל מיר זענען געזונד, זענען דיינע הענד ניט שטארק גענוג יונה'לע?

**יונה:** מיט מיינע הענד קען איך אויפהעבען איין אקס.

**רחל:** אונ מיינע הענד זענען אויך ניט קיין שוואכע, זעה יונה'לע אט דאס איז אונזער מזומן.

**יונה:** רחלע מיר זאל זיין פאר דיין חכמה.

**רחל:** דוא וועסט זעהן וואס פאר א צופריעדענעם לעבען מיר וועלען פיהרען, דוא וועסט ארבייטען אין פעלד אונ איך צו הויזע אונ נאך



דער ארבייט ווען דוא וועסט אהיים קומען וועל איך דיר אקעגען לויפען.

**יונה:** אונ איך וועל דיך צוקוועטשען צו מיין הערצען.

**רחל:** אונ איך וועל דיך אריינפיהרען אין אונזער שען זויבער שטיבעלע.

**יונה:** יא אין וועג וועט שאן זיין געגרייט צום טיש.

**רחל:** אונ מיר וועלען אזוי געשמאק עסען אונזער פערדיענטעס שטיקעלע ברויט.

**יונה:** ניט א שטיקעלע נור איין גאנץ שטיק, איך פיהל מיך אין כח.

**רחל:** יא אונ פערטרינקען מיט פריש וואסער.

**יונה:** אונ פערבייסען מיט א קיש, עס וועט זיין א וועלט מיט קליינע וועלטעלעך. (אומארמונג, זינגען דועט)

**יונה:** יונה'לע אונ רחלע וועלען זיין א פּאר
אויף מיר אזא לעבען אויף מיר אזא יאהר.

**רחל:** נור עהרליך לעבען עהרליך וואהל אונ פיין
וועט דיא גאנצע וועלט אונז מקנא זיין.

**יונה:** עהרליך איז שווערליך זאגען מענשען פיעל

**רחל:** ווייל נור מזומן איז זייער איינציג ציעל.

**יונה:** אוי מזומן חשים חשים חשים.

**רחל:** מזומן מאכט נישט גליקליך יונה'לע גלייב עס מיר

**יונה:** נוא אז דוא זאגסט רחלע גלייב איך דיר.

**ביידע:** מען ווערט נישט זאט מיט וויפיעל מען האט
אונ מען וויל אלץ נאך אונ נאך אונ נאך אבער
יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך. (ביס) (אב)

(אויפטריט צפורה)

**צפורה:** (פראזע) מיין גאט, וויא ענטזעטליך אונד ערשראקען איך בין, וואס געהט דען אונטער דעם פאלקע פאר? אלע האבען זיך געגען דעם וויצע קעניג פערשווארען, זייא ווילען איהם טעטען, נאר איך בין דיא איינציגע דיא איך איהם בעמיטליידע, איך קאן עס גאר ניט בעגרייפען ווארום? ער איזט דאך ווירקליך איין שלעכטער מענש אונד דאך ווען איך זעה דאס פאלק אויף איהם וויטהען זא טהוט עס מיר וועה זעהר וועה, איך בין הערגעדאנט אום איהם צו ווארנען, יא

איך מוס איהם אויפמערקזאם מאכען אויף דיא שרעקליכע געפאהר וועלכעם זיין לעבען דראהט, וואס זעה איך, ער ראמט הער, וויא פערענדערט, שרעקליך פערענדערט.

(אויפטריט זמרי לויפט ווילד הערייז)

**זמרי:** ניין ניכטס פערמאגט איהר מיר צו טהון, איך בין פיעל שטערקער אלס איהר! איך בין רייך, דיא וועלט איזט מיין, ציטערט פאר מיר איהר אויפוויעגלער, סאלדאטען פערטהיידיגט אייער וויצע קעניג, שיעסט אויף דאס פאלק — ניין, ניין, האלט איין, וואס וואלט איהר פאן מיר? ווארום וואלט איהר מיך טעדטען? נעמט אלעס, פערניכטעט מיין גאנצעס פערמעגען, נור מיך לאסט פרייא, שענקט מיין לעבען מיר. (פאלט אויף שטיין)

**צפורה:** אונגליקליכער! איך האבע מיט איהם זא פיעל מיטלייד, הערר וויצע קעניג!

**זמרי:** יוכבד! (ער בליקט ווילד)

**צפורה:** יוכבד? ער רופט מיך אויף מיינער מוטערס נאמען!

**זמרי:** ביזט דוא פאם גראבע אויפגעשטאנדען? אויך דוא שרייעסט ראכע נאך?

**צפורה:** וואס פאנטאזיערט ער?

**זמרי:** אלע, אלע געגען מיר איינעם, זאגאר דיא טאדטען אין איהרען גרעבערן האבען זיך מיר געגענאיבער פערשווארען.

**צפורה:** איך בין צפורה דיא הארפען שפיעלערין.

**זמרי:** צפורה יא ריכטיג דוא ביזט עס.

**צפורה:** אה איך בין געקאמען אום דיך צו ווארנען, דען דוא ביזט אין געפאהר, רעטע דיך, ענטפליהע.

**זמרי:** ביזט דואווירקליך וועגען דעם געקאמען? קאם הער צפורה, ווען דוא ווילסט ווירקליך מיין לעבען רעטען זא בלייבע אין מיינעם הויזע דיינע געגענווארט ווירד מיך פאר דעם וויטהענדען פאלקע שיטצען. דיינעטוועגען ווירד מיר קיין לייד געשעהן, קאם. (וויל צוגעה;)

**צפורה:** ניין! ניין! איך וויל אין דיינעם הויז ניכט בלייבען, לאס מיך. לאס מיך! איך האבע אנגסט פאר דיר.



**זמרי:** צפורה! הערע, דער בלינדער עקיבא האט דיר נאך ניכטס געזאגט וואס דוא מיר ביזט, יעצט וויל איך דיר ענטדעקען דוא ביזט מיין קינד!

**צפורה:** וועה מיר, וואס מוס איך הערען?

**זמרי:** ווארום ביזט דוא ערשראקען?

**צפורה:** לאס מיך פאן דיר ענטפליהען, מיך שוידערט דיינע נעהע, לאס מיך.

**זמרי:** (ערגרייפט זיא) דוא ביזט מיין קינד זאגע איך דיר! דיא נאטור האט דיך צו מיר געבונדען, דוא מוסט מיר געהארכען, עס איזט דיינע פפליכט!

**צפורה:** ניין איך מוס ניכט! איך בין צו דיר ניכט פערפפליכטעט, זאגאר דיעזעם ביסכען סימפאטיע וואס איך עבען נאך פיר דיך האטע, איזט יעצט פערשוואונדען געענצליך, דוא דער רייכסטער מאן דער וועלט האסט מיינע מוטער אין עלענד אונד קומער אומקאמען לאסען, אונד יעצט ווילסט דוא מיך אלס קינד אנערקענען אום דיך פאר דעם פאלקעס וואוטה צו שיטצען ניכט וייל עס דיינע געפיהלע דיר דיקטירען, יא זא הערצלאז ביזט דוא דער גאנצען וועלט געגען איבער הערצלאז זינד דיינע האנדלונגען, הערצלאז דיינע שפראכע, דוא מיין פאטער? ניין! ניין! איינע וייזע וואר איך ביז נון אונד וויל עס אויך פערנער היין בלייבען, איך האבע קיינע מוטער אונד וויל אויך קיינעם פאטער האבען. (אב)

**זמרי:** זיא וויל ניכט מיין קינד זיין, רעכט האט זיא, וויל איך דען איהר פאטער זיין אום ליעבע? וויא קאן איין שטיין דען ליעבען? (צייגט אויפס הערץ) היער איזט קיין הערץ נור איין שטיין, זא הארט אונד קאלט גראדע וויא דאס גאלד וועלכעם איך בעזיטצע, איך קאן ניעמאנדען ליעבען, ניעמאנדען, ניכט אמאל מיך זעלבסט, מיין לעבען אונד שטרעבען איזט נור דאס גאלד זאמלען אונד זאמלען ביז דאס גאנצע געהט דאהין פאן וואו עס איזט געקאמען, עס הייסט צום טייפעל. (פינסטער)

(אויפטריט מאמאן אין זיינער טייפעלס געשטאלט)

**מאמאן:** דאסט מיך גערופען היער בין איך.

**זמרי:** װָער בִּיזְט דוּא ?

**מאמאן:** עָרְקֶענְסְט דוּא מִיךְ נִיכְט מֶעהְר ? דֵיין גָאט בִּין אִיךְ, פָאר דֶעם דוּא דִיךְ בִּיקְסְט שָׁאן מֶעהְר אַלְס 20 יַאהְרֶע, אִיךְ װַייבֶע קֵיינֶעם אוֹיגֶענְבְּלִיק פָאן דִיר, אִיךְ בִּין שְׁטֶעטְס מִיט דִיר מֵיין טְרַייעֶר קְנֶעכְט בִּיזְט װֶעהְר בְּרַאװ, אִיךְ בִּין פָאלְשְׁטֶענְדִיג מִיט דִיר צוּפְרִיעֶדְען.

**זמרי:** אַבֶּער אִיךְ נִיכְט מִיט דִיר.

**מאמאן:** װַארוּם מֵיין לִיעבֶּער ? װִילְסְט דוּא נָאךְ מֶעהְר גָאלְד ? דוּא זָאלְסְט עֶס הַאבֶּען, עֶס לֶעבֶּען נָאךְ 2 בִּיסִיגֶע בְּהֵמוֹת אוֹיף עֶרְדֶען, שִׁינְד זֵייא נַאךְ בֶּעלִיעבֶּען, טְרִינְקֶע זֵייעֶר בְּלוּט, דִיא גַאנְצֶע עֶרְדֶע זָאל דֵיין אֵייגֶענְטְהוּם װֶערְדֶען, דוּא בִּיזְט װֶעהְר בְּרַאװ !

**זמרי:** נֵיין טֵייפֶעל ! נֵיין, נִיכְט דַאס פֶערְלַאנְגֶע אִיךְ פָאן דִיר, גֶעבֶּע מִיר דַאס צוּרִיק װַאס דוּא פָאן מִיר גֶענָאמֶען הַאסְט, מֵיין הֶערְץ גִיעב מִיר צוּרִיק.

**מאמאן:** דַאס הֶערְץ ? הַ הַ הַ ! דַאס הַאסְט דוּא מִיר יַא פְּרִיִם גֶעלְד פֶערְקוֹיפְט !

**זמרי:** נִים דִיר דֵיין פֶערְפְלוּכְטֶעס גֶעלְד צוּרִיק, פַאלְשׁ בִּיזְט דוּא אוּנְד פַאלְשׁ אִיזְט דֵיינֶע גַאבֶּע, טֵיישׁוּנְג אִיזְט אַלֶעס, נוּר פֶערְבְּלֶענְדוּנְג, אַלֶעס אִיזְט טָאדְט, לֶעבֶּען װִיל אִיךְ, װֶען אוֹיךְ אַלְס בֶּעטְלֶער, אִיךְ פֶערְלַאנְגֶע פָאן דִיר װִיעדֶער מֵיין מֶענְשְׁלִיכֶעס הֶערְץ, גֶעבֶּע מִיר עֶס צוּרִיק.

**מאמאן:** הַ הַ הַ ! דוּא בִּיזְט נֶעבִּיךְ קְרַאנְק, דוּא שְׁפְּרִיכְסְט פָאן הִיטְצֶע, פָאלְגֶע מֵיינֶעם רַאטְה פְרֵיינְד, דַא לֶעגְסְט דוּא דִיךְ שְׁלַאפֶען בִּיז דִיעזֶער גֶעדַאנְקֶע װִיעדֶער פֶערְשְׁװִינְדֶעט אוּנְד דַאן בְּלֵייבְּסְט דוּא װִיעדֶער מֵיין לִיעבֶּער טְרֵייעֶר אוּנְד עֶװִיגֶער פְרֵיינְד, נִיכְט װַאהְר ?

**זמרי:** שַׂטַן ! פֶערְדֶערְבֶּער גֶעבֶּע מִיר מֵיין הֶערְץ צוּרִיק, בֶּעפְרֵייעֶ מִיךְ פָאן דֵיינֶען טֵייפְלִישֶׁען יָאךְ, אִיךְ װִיל דִיךְ נִיכְט מֶעהְר קֶענֶען.

**מאמאן:** נוּן װַאן דוּא הַארְטְנֶעקִיג בִּיזְט זַאגֶע אִיךְ דִיר דַאס דוּא דִיךְ נִיע פָאן מִיר בֶּעפְרֵייעֶן קַאנְסְט, דוּא הַאסְט דִיךְ פֶערְקוֹיפְט אוּנְד בִּיזְט מֵיין שְׁקְלַאװֶע.

(אויפטריט גבריאל מיט בעכער)

**גבריאל:** גֶעװֶעזֶען, אַבֶּער יֶעצְט נִיכְט מֶעהְר, שְׁוֵיעֶ הֶער זִמְרִי ! דִיעס



אִיזְט מֵיין בֶּעכֶער, אַבֶּער נִיכְט פָאן גָאלְד זָאנְדֶערְן אוֹיס עֶרְדֶע, אִין אִיהְם אִיזְט קֵיין װֵיין נוּר װַאסֶער אוֹיס דֶער קְװֶעלֶע דֶער צוּפְרִיעדֶענְהֵייט, װִילְסְט דוּא דַאפָאן טְרִינְקֶען ?

**מאמאן:** נֵיין אוּנְבֶּעזָאנֶענֶער, דַאס זָאלְסְט דוּא נִיכְט טְהוּן, דוּא װִירְסְט דַאן אֵיין בֶּעטְלֶער, אוּנְד װִיא דוּא דִיא אַרְמֶע פָאן דֵיינֶער טְהִירֶע גֶעיַאגְט הַאסְט, זָא װֶערְדֶען דִיךְ דִיא מֶענְשֶׁען מִיט שִׁימְפְּף אוּנְד שְׁפָּאט פֶערְיַאגֶען, יֶעדֶער װִירְד דִיךְ מִיט פֶערְאַכְטוּנְג אַנְשְׁפּוּקֶען, דִיךְ מִיט פִיסֶען טְרֶעטֶען.

**גבריאל:** װִילְסְט דוּא אוֹיס מֵיינֶעם בֶּעכֶער טְרִינְקֶען.

**זמרי:** יַא אִיךְ װִיל.

**גבריאל:** זָא טְרִינְקֶע. (גיבט איהם)

**מאמאן:** נֵיין זַאגֶע אִיךְ, הַאלְט, הַאלְט פֶעסְט דֵיין אָפְּפֶער הֶעלֶע. (זמרי טרינקט, דאָנער אונד בליטצען),

**גבריאל:** אִין נַאמֶען דֶער לֵיידֶענְדֶען מֶענְשְׁהֵייט, אִין נַאמֶען דֶער װַאהְרְהֵייט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט נִיעדֶער מִיט דִיר שַׂטַן. (דאָנער, מאמאן פערזינקט, גבריאל אָב, זמרי אויף שטיינבאנק).

(אויפטריט צפורה)

**צפורה:** נֵיין ! עֶס לֶעסְט מִיךְ נִיכְט רוּהֶען, װִיא עֶר אוֹיךְ זֵיין מַאג מֵיין פַאטֶער אִיזְט עֶר דָאךְ, אִיךְ הַאבֶּע אִיהְם מִיט מֵיינֶע הַארְטֶע װָארְטֶע זֶעהְר װֶעה גֶעטְהַאן, דַאס װַאר אוּנְרֶעכְט פָאן מִיר, גָאט דַא לִיעגְט עֶר (געהט צו) װֶעה מִיר עֶר אִיזְט אָהְנְמֶעכְטִיג, הֶערְר, הֶערְר װִיצֶע קֶענִיג, הֶערְר שֵׁנִי לְמֶלֶךְ, הִילְפֶע ! הִילְפֶע ! אוּמְזָאנְסְט נִיעמַאנְד װִירְד אִיהְם יֶעצְט צוּ הִילְפֶע קָאמֶען, אַלֶעס הַאט אִיהְם יֶעצְט פֶערְלַאסֶען, אַלֶעס אִיזְט יֶעצְט גֶעגֶען אִיהְם — הֶערְר ! — װַאס טְהוּעֶ אִיךְ ? װִיא רוּפֶע אִיךְ אִיהְם װִיעדֶער צוּרִיק אִין לֶעבֶּען ? פַאטֶער !

**זמרי:** (עפענט דיא אויגען) יוֹכֶבֶד !

**צפורה:** װִיעדֶער דֶער נַאמֶען מֵיינֶער מוּטֶער, זֵיין גֶעװִיסֶען פְּלַאגְט אִיהְם.

**זמרי:** נֵיין ! דוּא בִּיזְט נִיכְט מֵיינֶע פְרוֹיא מֵיינֶע יוֹכֶבֶד.

**צפורה:** נֵיין ! אִיךְ בִּין אִיהְר קִינְד.

**זמרי:** אִיהְר קִינְד, יַא רִיכְטִיג אִיהְר קִינְד נוּר מֵיין קִינְד נִיכְט, דוּא װִילְסְט עֶס נִיכְט זֵיין, אוּנְד רֶעכְט הַאסְט דוּא, אִיךְ בִּין אֵיין עֶלֶענְדֶער, אֵיין

שורקע, איך האבע דיינער טרייען מוטער איהר ריינעס הערץ געבראכען, דוא מוסט מיך פעראבשייען אונד רעכט האסט דוא, פאלקאמען רעכט. (וויינט)

**צפורה:** פאטער!

**זמרי:** ניין דיעזען נאמען האבע איך ניכט פערדיענט, (קניעט) קינד, יוכבד'ס קינד, קאן דען נאך זא איין עלענדער זינדער וויא איך אויף פערצייהונג האפען דארף איך?

**צפורה:** איין פאטער פאר זיינען קינדע קניען? ניין, טהוע עס ניכט, שטעה אויף.

**זמרי:** לאס מיך זיעסעס קינד, לאס מיך יאמערן אונד וויינען, שאן מעהר אלס צוואנציג יאהרען האבע איך זא ניכט געפיהלט וויא יעצט, איך וואר ביז יעצט איין שטיין, יעצט פיהלע איך ווידער אין מיר איין מענשליכעס הערץ פליעסט איהרע טרעהנען, עס איזט דאס ערסטע מאל זייט 20 יאהרע, דאס טהוט מיר זא וואהל! יוכבד! איך קניע יעצט פאר דיין קינד, פערצייהע דעם אונגליקליכען זיין פערברעכען, צפורה! אין נאמען דיינער מוטער פערצייהע מיר.

**צפורה:** (אומארמט) פאטער איך בין דיין קינד, דריקע מיך אין דיינער ברוסט! איך בין דיין קינד.

**זמרי:** מיין קינד! מיין קינד!

**צפורה:** מיין פאטער! (אומארמט)

(לערם, אויפטריט רחל ע)

**רחל:** (ערשראקען) הערר ווען דיין לעבען איזט דיר ליעב אנטלויף, רעטע דיך, אבער שנעל.

**צפורה:** גראסער גאט!

**רחל:** עס איזט איין שרעקליכער אויפשטאנד געגען דיר, זייא וועגען אלע זא וויטהענד געגען דיר אז זייא ווילען דיך צערייסען ווען זייא געפינען דיך.

**צפורה:** פאטער רעטע דיך, אים גאטעס ווילען ענטפליהע!

**זמרי:** ענטפליהען? ניין מיין קינד, דאס טהו איך ניכט, הערען מוס איך וואס זייא וואלען אונד פינדען זייא פיר רעכט מיך צו טעטען, אים נאמען גאטעס איך שטעלע איהנען מיינע ברוסט ענטגעגען. (לערם)



**רחל:** צו שפעט! צו שפעט! זייא קאמען.

(אויפטריט עקיבא, פאלק)

**זמרי:** היער בין איך, שפריכט אויס אייער פערלאנגען, איך בין צו אלעס בערייט, רעדעט איך הערע.

**עקיבא:** יא הערע אונד שוידערע! זמרי, דאס פאלק זיצט איבער דיך צו געריכט, פערטהיידיגע דיך וואן דוא קאנסט.

**זמרי:** וואן דוא מיין ריכטער ביזט זא שרייע איך שולדיג אונד דיר צו פיסען ווינקענד יאמערע איך אום פערצייהונג, דוא קאנסט מיר קיינע אנטווארט געבען אלס פלוך טויזענד פאכער פלוך אויף מיינעם הויפטע.

**עקיבא:** זא איזט ענדליך דיין שטאלץ געבראכען, ביזט דוא אויס פורכט פאר דער גערעכטיגקייט איין בעל תשובה געווארדען?

**זמרי:** ניין עקיבא, ניכט אויס פורכט, איך קאנטע פאר אייער וואוטה ענטפליהען, בין אבער דאך געבליעבען, אונד וואלט איהר מיין לעבען האבען היער (ענטבלעסט ברוסט) מיינע ברוסט איזט פרייא, באהרט דיא גיפטיגע פפיילע דארין, איך בין עס מקבל באהבה.

**עקיבא:** הייכלער דאס אלעס איזט נור פערשטעלונג.

**צפורה:** ניין עקיבא מיין פאטער! ער איזט ניכט מעהר דער ער וואר.

**עקיבא:** דיינע שטימע הערע איך?

**צפורה:** יא איך ביטע בארמהערציגקייט פיר מיינעם פאטער, לאסט מיר מיינען פאטער עקיבא.

**עקיבא:** צפורה! איך וואלטע דיר ניכט דיעזעס שמערץ בערייטען איינעם זאלכען פאטער דיר צו געבען, דארום האבע איך עס דיר ביז יעצט פערשוויעגען, האט ער דיר זעלבסט דיעזעס געהיימניס ענטדעקט, אבער וויסט דוא קינד פיר וועהם דוא ביטעסט?

**צפורה:** פיר מיינעם פאטער, עקיבא! איך האבע מיינעם פאטער ווידער געפונדען אונד ניעמאנד ווירד אימשטאנדע זיין אונז יעצט פאן איינאנדער צו שיידען, ניכט אמאל דער טאדט, פאטער איך בלייבע ביי דיר אונד וואס דיר געשיעהט דאס געשיעהט אויך מיר.

**זמרי:** מיין קינד! מיין קינד!

(אויפטריט יונה לויפט אריין)

**יונה:** הִילְפֶע! הִילְפֶע! אֵיין גְרָאסֶעס אוּמְגְלִיק אִיזְט גֶעשֶׁעהְן.

**אלע:** וַאס אִיזְט גֶעשֶׁעהְן?

**יונה:** אִיךְ קוּם פוּן דֶעם גְרָאבֶּענְהוֹיז, אֵיין גְרָאסֶער הוֹיפֶען פוּן דֶעם אוֹיפְגֶערֶעגְטֶען פָאלְק הָאבֶּען דָארְט אַלֶעס אוּנְטֶערְגֶעצוּנְדֶען, צֶערְ־שְׁטֶערְט הָאט דָאס פַייעֶר אַלֶע רֶעדֶער מִיט דִיא מַאשִׁינֶען וֶועלְכֶע הָאבֶּען בִּיז יֶעצְט צוּרִיק גֶעהַאלְטֶען דָאס וַואסֶער, יֶעצְט שְׁטִירְצְט דָאס וַואסֶער פוּן אַלֶע זַייטֶען אוּם דֶעם אֵיינְגַאנְג דֶער גְרוּבֶּע, אוּנְד דִיא הִיטְצִיגֶע מֶענְשֶׁען וֶועלְכֶע הָאבֶּען דָאס גֶעטְהוּן הָאבֶּען דַאראַן גָאר נִישְׁט גֶעדַאכְט דַאס אִין דֶער גְרוּבֶּע גֶעפִינֶען זִיךְ 100 אַרְבֵּייטֶער, יֶעצְט אִיזְט דֶער וֶועג אָבְּגֶעשְׁפֶּערְט אוּנ זַייא זֶענֶען נֶעבִּיךְ לֶעבֶּעדִיגֶערְ־הֵייט בֶּעגְרָאבֶּען.

**אלע:** וַאס הֶערֶען וִויר?

**זמרי:** אוּנְד גִיעבְּט עֶס קֵיין מִיטֶעל דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע צוּ רֶעטֶען?

**יונה:** פִיעלֵייכְט, אָבֶּער........

**זמרי:** שְׁפְּרִיךְ נוּן!

**יונה:** דֶער אַלְטֶער אֵיינְגַאנְג וָואס אִיז שָׁאן זַייט יָאהְרֶען נִיט בֶּענוּצְט, דָארְט אִיז נָאךְ דָא אֵיינֶע דִינֶע וַואנְד וָואס מֶעהְרֶערֶע מֶענְשֶׁען וָואלְטֶען זִיא גֶעקֶענְט לֵייכְט אוּמְוַוארְפֶען, אוּנ יֶעמַאנְד זָאל זִיךְ דָארְט אַרַיין לָאזֶען מִיט אַ שְׁטְרִיק אוּנ קְלַאפֶּען אִין דֶער וַואנְד וָואלְטֶען דִיא דָארְט בֶּעגְרָאבֶּענֶע דַארוֹיף אוֹיפְמֶערְקְזַאם גֶעוָוארֶען אוּנ וָואלְטֶען זִיךְ נָאךְ גֶעקֶענְט רֶעטֶען.

**זמרי:** נוּן אַלְזָא!

**יונה:** אָבֶּער דִיא לוּפְט אִיז דָארְט שְׁרֶעקְלִיךְ גִיפְטִיג אוּנ וֶוער עֶס זָאל זִיךְ דָארְט אַרַיינְלָאזֶען קוּמְט נִיכְט מֶעהְר לֶעבֶּעדִיג אַרוֹיס.

**זמרי:** וֶוער וִויל דַאס וַואגֶען? פָארְדֶערְט וִויפִיעל אִיהְר וָואלְט! אַלֶעס אִיזְט גֶעוֶועהְרְט, יוֹנָה דוּא בִּיזְט אֵיין קְרֶעפְטִיגֶער יוּנְגֶע רֶעזִיקִירֶע דִיךְ, אִיךְ מַאכֶע דִיךְ גְלִיקְלִיךְ. (רחלע ציפט איהם ניין)

**יונה:** אֲדוֹנִי שֵׁנִי לְמֶלֶךְ, אִיךְ וִויל לִיעבֶּער זַיין אַ לֶעבֶּעדִיגֶער אָרִימַאן אֵיידֶער אַ טוֹיטֶער עוֹשֶׁר.



**זמרי:** וִויל נִיעמַאנְד דַאס וַואגֶען? אִיךְ גֶעבֶּע דֶעם יֶענִיגֶען אַלֶעס וַואס אִיךְ בֶּעזִיטְצֶע, רֶעטֶעט! אַלֶע שְׁוַויינֶען, וִויל נִיעמַאנְד זַיין לֶעבֶּען רֶעזִיקִירֶען זָא וִויל אִיךְ זֶעלְבְּסְט.

**אלע:** אָה!

**צפורה:** פַאטֶער, וִוילְסְט דוּא דַיין לֶעבֶּען פֶערְלִיערֶען?

**זמרי:** יַא אוּם 100 צוּ רֶעטֶען.

**עקיבא:** דוּא זִמְרִי, דוּא אָפְּפֶערְסְט דַיין לֶעבֶּען פִיר אַנְדֶערֶע?

**זמרי:** פָאם הֶערְצֶען גֶערְנֶע.

**עקיבא:** וַואס אִיזְט אוֹיס אִיהְם גֶעוָוארֶען?

**זמרי:** דָאךְ בֶּעפָאר אִיךְ גֶעהֶע בְּרִיעדֶער הֶערְט מִיךְ נָאךְ אַ פַּאר וָוארְטֶע שְׁפְּרֶעכֶען, דִיעזֶעס מֶעדְכֶען אִיזְט מֵיינֶע טָאכְטֶער, אִיךְ פֶערְטְרוֹיעֶ זִיא אֵייעֶרֶעם שׁוּטְץ, אִין אִיהְרֶער הַאנְד וִוירְד דֶער פְלוּךְ דֶער אוֹיף מֵיינֶעם הוֹיזֶע לַאסְטֶעט אִין זֶעגֶען פֶערְוַואנְדֶעלְט, טָאכְטֶער מַאכֶע דוּא וִויעדֶער גוּט וַואס דַיין פַאטֶער גֶעפֶעהְלְט אוּנְד פֶערְשׁוּלְדֶעט הַאט, יֶעצְט לֶעבֶּעט אַלֶע וָואהְל, לֶעבֶּע וָואהְל מֵיין קִינְד.

**צפורה:** פַאטֶער טְהֵייעֶרֶער פַאטֶער! קוּים הַאבֶּע אִיךְ דִיךְ גֶעפוּנְדֶען מוּ־ אִיךְ דִיךְ שָׁאן וִויעדֶער פֶערְלִיערֶען.

**זמרי:** הַאלְט מִיךְ נִיכְט צוּרִיק מֵיין זִיעסֶעס קִינְד, עֶס דְרֶענְגְט דִיא צֵייט 100 מֶענְשֶׁען וַוארְטֶען דָארְט אוֹיף מֵיינֶער הִילְפֶע, לַאסֶע מִיךְ! לֶעבֶּע וָואהְל מֵיין קִינְד. (קישט זיא, אַב)

**עקיבא:** אִיזְט עֶר גֶעגַאנְגֶען? אִיזְט עֶר וִוירְקְלִיךְ הִין גֶעגַאנְגֶען?

**צפירה:** אוּם אַנְדֶערֶע צוּ רֶעטֶען אָפְּפֶערְט עֶר זַיין לֶעבֶּען, אֵיינֶער פִיר אַלֶע, פַאטֶער מֵיין גוּטֶער פַאטֶער. (אַב)

**עקיבא:** קָאמְט בְּרִידֶערְלֶעךְ קָאמְט אַלֶע אוּם זִיךְ צוּ אִיבֶּערְצֵייגֶען. (אַב)

**רחל:** קוּם יוֹנָה'לֶע, וָואס שְׁטֶעהְסְט דוּא אַזוֹי פֶערְטְרַאכְט?

**יונה:** אוֹי רָחֵלֶע.

**רחל:** וָואס אִיז דִיר?

**יונה:** קוּק קוּק (גענעצט) הָאסְט גֶעזֶעהְן, יֶעצְט נָאךְ (גענעצט) הָאסְט גֶעזֶעהְן 2 מָאל גֶענֶענֶעצְט אֵיינֶער בֶּעסֶער וִויא דֶער אַנְדֶערֶער, רָחֵל שְׁשְׁ... (גענעצט) עֶר קוּמְט, מִיר זֶענֶען גֶעהָאלְפֶען, עֶר קוּמְט.

**רחל:** וֶוער קוּמְט?

**יונה:** דֶער שְׁלָאף! דֶער זִיסֶער טְהַייעֶרֶער שְׁלָאף הָאט זִיךְ מִיט מִיר אִיבֶּערְגֶעבֶּעטֶען, הָאסְט גֶעזֶעהֶן אַ גֶענִיץ? דָאס זֶענֶען דָאךְ דִיא גוּטֶע שְׁלִיחִים וָואס דֶער שְׁלָאף שִׁיקְט פְרִיהֶער אָנְזָאגֶען דִיא גוּטֶע בְּשׂוֹרָה אַז עֶר קוּמְט.

**רחל:** זֶעהְסְט דוּא שׁוֹין יוֹנָה׳לֶע אַז מַיין סְגוּלָה הֶעלְפְט, הָאסְט דוּא דָאס גַאנְצֶע גֶעלְד פֶערְטְהַיילְט?

**יונה:** בִּיז צוּ אֵיין פְּרוּטָה, אוֹי רָחֵלֶע!

**רחל:** וָואס אִיז יוֹנָה׳לֶע, ווִילְסְט שׁוֹין וַוייטֶער גֶענִיצֶען?

**יונה:** עֶר אִיז שׁוֹין דָא, רָחֵלֶע הַאלְט מִיךְ צוּ, אִיךְ פַאל פוּן דִיא פִּיס.

**רחל:** אָבֶּער יוֹנָה׳לֶע זַייא נָאךְ גוֹבֵר דֶעם שְׁלָאף בִּיז שְׁפֶּעטֶער, ווִיא אַזוֹי קֶען מֶען יֶעצְט שְׁלָאפֶען אִין אַזַא צַייט וֶוען עֶס אִיז אַיין אִיבֶּערְ-קֶעהְרֶענִישׁ? יוֹנָה׳לֶע שְׁטַארְק דִיךְ, הַאלְט דִיךְ אַיין.

**יונה:** אִיךְ קֶען נִיט, עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען מִיט שְׁטוּרְם, אִיךְ פַאל, הַאלְט מִיךְ צוּ, אַ גוּטֶע נַאכְט. (שלאָפט איין, לערם)

**רחל:** יוֹנָה׳לֶע מֶענְשׁ דִיךְ, עֶר שְׁלָאפְט קֵיין בַּייז אוֹיג אַזוֹי גֶעשְׁמַאק, עֶר אִיז שׁוֹין גֶעבִּיךְ 3 נֶעכְט נִיט גֶעשְׁלָאפֶען, יוֹנָה׳לֶע לָאז דִיךְ אַבִּיסֶעל גְרִינְגֶער, עֶר אִיז קֵיין עֵין הָרָע אַזוֹי שְׁוֶוער אִיךְ קֶען אִיהְם קוֹים דֶערְטְרָאגֶען. (לערם)

(אויפֿטריט פֿאָלק)

**ארע:** גֶערֶעטֶעט.

**רחל:** הֶערְסְט יוֹנָה׳לֶע אַלֶע גֶערֶעטֶעט.

**קאהר:** (זינגט) גֶערֶעטֶעט פִיר אוּנְזֶער לֶעבֶּען הַאט עֶר דַאס זַיינֶע רֶעזִיקִירְט
עֶמְפְפַאנְגֶט אִיהְם מִיט עֶהְרֶע ווִיא אִיהְם יֶעצְט גֶעבִּיהְרְט
עֶס לֶעבֶּע דֶער מֶענְשֶׁענְפְרֵיינְד אָמֵן הֶידָד!

**יונה:** (זינגט) שְׁטִיל זָאל זַיין, וָואס לָאזְט אִיהְר מִיךְ נִיט שְׁלָאפֶען.

**ארע:** יוֹנָה!

**יונה:** אוֹי בִּין אִיךְ שְׁלֶעפֶערִיג.

**ארע:** אָהָ!

**ארע:** שְׁטֶעה אוֹיף קוּם טַאנְצֶען (טאנץ)
שְׁטִיל זַייט רוּהִיג וָואס אִיז דָאס אָ וֶועה אָ וֶועה!



(אויפטריט זמרי געפיהרט פון צפורה)

**צפורה:** פַּאטֶער! רֶעטֶעט מֵיינֶען פַאטֶער, עֶר שְׁטִירְבְּט, וֶועה מִיר׳ אוֹי וֶועה!

**קאהר:** אוֹי וֶועה!

**זמרי:** טָאכְטֶער נִיכְט וַויינֶען דִיעֶזֶע מִינוּטֶע אִיזְט מִיר טְהַייעֶרֶער
ווִיא מַיין גַאנְצֶעס לֶעבֶּען
אַךְ ווִיא גְרֶענְצֶענְלָאז אִיזְט מֵיינֶע לִיעבֶּע צוּ דִיר.

**צפורה:** רֶעטֶעט מֵיינֶען פַאטֶער.

**קאהר:** אָ רֶעטֶעט אִיהְם רֶעכְעט!

**זמרי:** מִיר אִיזְט יֶעצְט וָואהְל!

(איפטריט עקיבא)

**עקיבא:** זִמְרִי, וָוא אִיזְט זִמְרִי דֶער רֶעטוּנְגְס עֶנְגֶעל?

**זמרי:** עֲקִיבָא קַאנְסְט דוּא מִיר נָאךְ פֶערְצֵייהֶען?

**עקיבא:** בְּרוּדֶער! מֶענְשֶׁען פְרֵיינְד! ווִיא גֶערְנֶע מֶעכְטֶע אִיךְ יֶעצְט מֵיין לֶעבֶּען פִיר דִיךְ הִינְגֶעבֶּען.

**זמרי:** בְּרוּדֶער, טָאכְטֶער, וַואס דֵיין פַאטֶער הַאט פֶערְשׁוּלְדֶעט, מַאכֶע דוּא ווִיעדֶער יֶעצְט גוּט, פֶערְצֵייהֶעט מִיר אַלֶע, לֶעבֶּעט וָואהְל, מֵיין זִיעסֶעס הֶערְצֶענְס קִינְד לֶעבֶּע וָואהְל! (שטירבט)

**קאהר:** (קניענד) גָאט עֶמְפְפַאנְגֶע זַיינֶע זֶעעלֶע! יָנוּחַ בְּשָׁלוֹם עַל מִשְׁכָּבוֹ אָמֵן.



## פערוואנדלונג

(הימעל)

(גבריאל מיט איין פוס אויף מאמאָן, וועהרענד דעס זינגענס פעלט איין ענגעל הערונטער מיט דער אויפשריפט)

„יְגִיעַ כַּפֶּיךָ".

(פָּאָרהאַנג).

ענדע.



אין מיינער בוכהאנדלונג זינד פאררעטהיג דיעזע

# ליעדער ביכעל.

| | K. h. |
|---|---|
| מקל נועם, ה"ר יודישע פאלקסליעדער פון ר' וועלוויל זבאריזער | 1.50 |
| מקל חובלים, פאן דענזעלבען | —.60 |
| דאס יודעלע, גאלדפאדענס ליעדער | —.20 |
| צוואנציג יודישע פאלקס-ליעדער, פון אליקים בדהן, נויארק | 1.— |
| ליעדער אלבום, 200 ליעדער פון אלע יודישע טהעאטער, נויארק | 1.50 |
| לבנצח איינע זאממלונג ליעדער אונד רעדען פאר בדחנים, נויארק | 1.50 |
| דרייא פריהליכע ליעדער: בנוחת ושמחה, על חטא, דער קירצער פרייטאג | —.20 |
| דרייא נייע ליעדער: דער לוסטיגער דלות, אל תירא עבדי יעקב, חיים שמואל דעם גאבעלעס | —.20 |
| דרייא בעריהמטע ליעדער: מן המצר, אדם וחוה, דער מערדער רוצח | —.20 |
| דיא אידישע ביהנע, ערשטער טהייל, איינע זאממלונג פערשיעדענע אויפ-זאטצע איבער דאס יודישע טהעאטער, פון דעם בעסטען שריפט-שטעללער, נויארק | 1.— |
| דיא אידישע בינע, צווייטער טהייל איינע זאממלונג פון אלע יודישע ליעדער אוים אללע יודישע טהעאטער טעקסטע (500 זייטען), נויארק | 2.— |
| דיא ליערע, אויסגעוועהלטע ליעדער, נויארק | —.50 |
| ליעדער מאגאזין פון יודישען טהעאטער, נויארק פער העפט | —.50 |
| דיא נייעסטע גאלדפאדענס יודיש טהעאטער ליעדער, נויארק 8 | —.60 |
| א בינטעל בלומען, ליעדער אונ אנעקדאטען, נויארק 8 | —.60 |
| שבתיאל, פאעמא אין 10 קאפיטעל גאלדפאדען, קראקא 8 | —.40 |
| יודישע נאציאנאל געדיכטע, גאלדפאדען, פארוואיט פאן ברוידעס מעלאדיען, פון בירך שאפיר, צוויא טהיילע, קראקא 12 | —.40 —.40 |
| יודישע מעלאדיען, פון קאצענעללענבאגען, ווילנא 8 | —.30 |
| צעהן יידישע פאלקס ליעדער פון אליקים בדהן, ווילנא 8 | —.60 |
| האצמאחס קרעמעל, דיא נייעסטע ליעדער פון גאלדפאדען, ווארשוי 8 | —.60 |
| דאס יודעלע, גאלדפאדענ'ס ליעדער פערבעסערטע אויפלאגע, ווארשוי | —.60 |
| שיחת הולין, ליעדער פון ר"ל גארדאן ווארשוי 8 | —.60 |
| יודישע ליעדער, פון מיכל גארדאן, ווארשויא 8. | 1.— |
| הנבל, יידישע פאלקסליעדער פון אפאטאקער, טשערנאוויטץ 8 | —.50 |
| האדעל, א פאעמא אונ געדיכט פון מ' ליעוו, קישינעב 8 | —.30 |
| ליעדער פונ'ם הערצען פון האשקעס, קראקא 12 | —.20 |
| דער בייזער מארשעלעק, ליעדער פון לינעצקי 2 טהיילע, ווארשוי 8 | —.40 |
| מאגאזין, יידישע ליעדער פון בערנשטיין, ברדיטשוב 8 | —.30 |
| צוועלף יידישע נייע פאלקסליעדער פון אליקים ברהן, ווילנא 8 | 1.— |
| דער סנדק, פאן דענזעלבען, ווארשויא 8 | —.40 |
| שירי זמרה; יום טוב'דיגע ליעדער; שירה חדשה 2 טהייל פר. שטיק | —.20 |
| קול חדש; קול רינה; קול שמחה; דער נייער זינגער; דער זינגער; דער גליק; דיא ספירה; רני עקרה; שירים נעימים; דער נייער בערירהמטע זינגער; דיא היינט צייטיגע ליעדער; מכירת יוסף; גדולת יוסף; חכמת שלמה; שירי ציון פער שטיק | —.10 |
| דער קרופע פארשארעק; אהשורוש שפיעל; יוסף שפיעל פער שטיק | —. 6 |

**A. Faust, Buchhandlung, Krakau (Österreich).**



# Mammon der Geldgott

Historische Operette in 4 Akten

von

Josef Lateiner.



Verlag von A. Faust, Buchhandlung, Krakau.







Druck von S. L. Deutscher, Podgórze.